# רִמּוֹן

## פארלאג פאר קונסט און ליטעראטור

בערלין לאָנדאָן

דער פארלאג גיט ארויס

## רמון־ביכער

אין פארשיידענע צווייגן קונסט און ליטעראטור

## מילגרוים

א יידישע צייטשריפט פאר קונסט און ליטעראטור

## רמון

א העברעאישע צייטשריפט פאר קונסט און ליטעראטור

פארקויף פאר צענטראל־אייראָפּא און פאר ארץ־ישראל בא
Ewer Gesellschaft, Berlin W, Lietzenburger Straße 8a.

הויפטפארקויף פאר רוסלאנד בא
Gescher-Gesellschaft, Berlin-Schöneberg, Haupt-Str. 37.

הויפטפארקויף פאר אמעריקא בא בוכהאנדלונג
Max N. Maisel, 424, Grand Street, New York City.

פארקויף אין ענגלאנד בא
„Hasefer“, 10, D'Arblay Street, London, W 1.

פארקויף אין קאנאדא בא בוכהאנדלונג
Farlag "Yiddish", 37, Robert Street, Toronto, Canada.

פון אלע אנדערע לענדער זיך ווענדן דירעקט צום פארלאג „רמון“ בערלין
Rimon-Verlag, Berlin-Friedenau, Stierstr. 17, Tel. Rheingau 529



NUMBER 6 — 1924

# MILGROIM

## A YIDDISH MAGAZINE OF ART AND LETTERS

Editors Dr. M. Vishnitzer and M. Kleinman

Art Editor Rachel Vishnitzer

CONTENTS



THE COVER HAS BEEN DESIGNED BY E. BOEHM FROM AN ANTIQUE GILDED GLASS.

העפט 6 **מילגרוים** 1924

# מילגרוים

## צייטשריפט פאר קונסט און ליטעראטור

ליטעראַרישע רעדאקציע
ד״ר מ. ווישניצער און מ. קליינמאן

קונסט רעדאגירט פון
רחל ווישניצער־בערנשטיין

## אינהאלט

די צייכנונג אויפ׳ן שער־בלאט איז נאכ־
געבילדעט נאָך א גאָלד־גלאָז פון די רוימישע
קאטאקאָמבעס דורך פראָפעסאָר ע. בעהם

געדרוקט אין דער קונסטדרוקעריי פון
Dr. Selle & Co. A.-G., Berlin SW 29, Zossener Str. 55




א כתובה פון אנקאָנא, 1776, קאָד. גאסטער 1658, לאָנדאָן.
אויס דעם ווערק „די כתובה אין איר געשיכטליכער אנטוויקלונג״ פון ד״ר מ. גאסטער, פארלאג „רמון״ 1923

KETUBAH OF ANCONA. WRITTEN 1776. COD. GASTER, 1658, LONDON
REPRODUCED FROM "THE KETUBAH, A CHAPTER FROM THE HISTORY OF THE JEWISH PEOPLE" BY DR. M. GASTER
RIMON PUBLISHING CO. 1923



א פארצ״רט בלאט פון א מחזור אויף פסח און שבועות פונ׳ם 14־טן יאָרהונדערט׳ געשריבן אין דייטשלאנד.
פארצירונגען אין בלוי און רויט׳ אותיות שווארץ. מינכען׳ מלוכה־ביבליאָטעק׳ קאָד. העבר. 4׳ באנד 2

PAGE FROM A MACHSOR FOR PASSOVER AND THE FEAST OF WEEKS. WRITTEN IN GERMANY. 14th CENTURY
DECORATION IN BLUE AND RED. LETTERS IN BLACK. MUNICH, STAATSBIBLIOTHEK. COD. HEBR. 4, VOL. II

# צו די מינכענער האנטשריפטן

פון די העברעאישע האנטשריפטן׳ וואָס זיינען געשריבן און אילומינירט געוואָרן אין די יידישע קהלות פון דייטשלאנד, זיינען א סך פארבליבן און דערהאלטן געוואָרן טאקע אין דייטשלאנד גופא. די בייערישע מלוכה־ביבליאָטעק אין מינכען פארמאָגט א היבש ביסל פון אָט די טייערע אוצרות׳ און בשעת די טויט־מוטיגע „באַיוואַרן״ טרייבן יידישע בירגער׳ אָפּזאָגנדיג זיי אין זייער היסטאָרישן רעכט צו וואוינען אין לאנד׳ טוט זיך דאָס גייסטיגע בייערן רוהיג איר ווערטפולע ארבעט צו זאמלען און מסדר צו זיין די שפורן פון פריערדיגער קולטור׳ שפורן וועלכע זאָגן עדות ווי ענג ס׳איז געווען אין מיטל־אלטער דער גייסטיגער צוזאמענהאנג צווישן דער יידישער און קריסטליכער באפעלקערונג אין די דייטשע לענדער. בנוגע צו דער קינסט־לערישער טעטיקייט קאָן מען אייגנטליך גיכערריידן פון אנ׳אלגעמיינער אייראָפּעאישער קונסט׳ איידער פון באזונדערע נאציאָנאלע קונסט־אויסערונגען. די יידן האָבן זיך באטייליגט אין אָט דער אלגעמיינער קונסט־איבונג׳ ווי אנדערע האָבן זיי אויך ווייטער פארארבעט אָריענטאלישע עלעמענטן און מיטגעהאָלפן ארויסצובילדן נייע פאָרמען׳ כאָטש אפילו׳ זיי האָבן׳ ווי די דרום־פעלקער׳ די איטאליענער און שפאניער למשל׳ זיך געהאלטן שטארקער פון די גערמאנען בא די אלטע טראדיצ״עס.

אזוי זעהן מיר דאָ אין קאָד. העבר. 135׳ פון דער בייערישער מלוכה־ביבליאָטעק׳ אינ׳ם ווערק פון יצחק בן יוסף מקורביל „עמודי גולה״׳ וועלכעס איז אָפּגעשריבן געוואָרן אין דייטשלאנד אינ׳ם יאָר 1337 (זייט 24)׳ און אין קאָד. העבר. 4׳ צווייטער באנד׳ אין א מחזור אויף פסח און שבועות׳ וועלכער איז אויך געשריבן אין דייטשלאנד׳ אינ׳ם 14־טן יאָרהונדערט׳ צוויי כמעט גלייכע ביישפילן פון דער אילומינאציאָנס־קונסט׳ ווי זי פלעגט געמאכט ווערן אין די העברעאישע האנטשריפטן. כאָטשביידע מאנוס־קריפּטן זיינען פונ׳ם 14־טן יאָרהונדערט געפינט מען אין ביידע בלעטער נאָר ווינציג־וואָס פון גאָטישע עלעמענטן. זיי זיינען נאָך אינגאנצן אין דער שליטה פון דער ראָמאנישער קונסט. הערא לדישע גרייפן מיט פארשלונגענע העלזער׳ א יאגד־סצענע אין דער האנטשריפט פון יצחק בן יוסף (ווי לעכערליך די הונט יאָגן זיך נאָך דעם הירש מיט די קעניגליכע הערנער!)׳ קאמף־סצענען צווישן רייטער און לייב׳ צווישן ספינקס און לייב׳ צווישן א רייטער און א פוס־געהער׳ — די סצענען זיינען סטערעאָטיפּ

און באקאנט און זיי חזר׳ן איבער אוראלטע פאָרבילדער, ניט מעהר די קליידונג און דאָס כלי זיין פונ׳ם ריטער זיינען צו־געפאסט צו דער צייט, און א אָרנאמענטאלער שמוק יאוועט זיך, וועלכער איז פריער ניט געווען באקאנט, אזוי ווי א שטייגער דער דריי־בלעטערדיגער קלעע־בלאט. דאָ איז עס נאָך געפאָרמט רונד, בשעת אין 14־טן יאָרהונדערט פלעגט מען בכלל שוין צושפיצן. די געשטאלטן פון מענש און חיה זיינען דאָ נאָך קורץ און געדרענגט, בשעת די נייע מאָדע האָט פאַרלאנגט לאנג־געצויגענע פאָרמען. דער העברעאישער כתב האָט, נאָכפאָלגנדיג דעם גייסט פון דער צייט, אויפגענומען אין זיך עפּיס נייעס, ער איז געוואָרן נערוועזער, עלאסטישער. דינענקע איבערגאנגען באצייכענען די שטעלן ווי די גאנז-פעדער זעצט אָפּ און בייט די באוועגונג. מ׳זעהט, אז דאָ האָט מען צו טון מיט א געוואוינטן קאַליגראַף.

דאָס אינטערעסאנטעסטע איז דאָס בלאט פון קאָד. העבר. 5, באנד 2, אויס א פירוש רש״י צום חומש, וועלכער איז אָפּ־געשריבן דורך שלמה בן שמואל אין ווירצבורג אין יאָר 1233. דאָ האָבן מיר א סצענע פון איוב. די קאָמפּאָזיציע, די באהאנדלונג פון די איינצלנע פיגורן, זיינען צום שטוינען לעבהאפטיג, פריי און זיכער. מ׳גלויבט קוים, אז דאָס איז אזא אלטע ארבעט. די בילדער זיינען דאָך געוויס געמאכט געוואָרן שוין אינ׳ם 14־טן יאָרהונדערט. איוב זיצט אין דעם אַש, זיינע דריי חברים רעדן אין אים אריין מיט הארץ, אויף די שפּרוך־באַנטן, וועלכע זיי האלטן אין די הענט, האָבן געדארפט זיין אויפ־געשריבן זייערע רייד, אזוי ווי עס איז געווען דער מנהג אין יענע צייטן. די צייכנונג איז אָבער, ווי ס׳ווייזט אויס, ניט פאר־ענדיגט געוואָרן. די האלטונג פונ׳ם נאקעטן איוב מיט׳ן אָפּגעשווירענעם קאָפּ איז ניט אָהן דראמאטישער קראפט. ווי אנדערש זיינען זיינע געמאָסטענע הכנעה׳דיגע העויות פון יענער געשעפטיגער לעבהאפטיקייט אין די האנט־באוועגונגען פון זיינע חברים. ווי פארשידן איז די האלטונג פון די קעפּ אין דער לינקער גרופּפּע, ווי אויסדרוקס־פול די געזיכטער. דער יונגסטער אליהו בן ברכאל, וועלכער טרעט ארויס ענערגיש, שטעהט אָפּגעשיידט פון דער גרופּפּע און דערמיט איז ער אויך אויסערליך כאראקטעריזירט. די פארקאָרטשעטע געשטאלט רעכטס (מסתמא איוב׳ס ווייב) דערמאָנט מיט איר פארביטערטער טראגיק די מאָנומענטאלע געשטאלטן פון זשיאָטאָ.

מיר פארדאנקן די אויפנאמע דער פריינדליכקייט פון הערן ע. טעפּליץ. הערר ד״ר געאָרג ליידינגער, דער דירעקטאָר פון דער בייערישער מלוכה־ביבליאָטעק אין מינכען, האָט אונז געגעבן די זעהר חשוב׳ע ידיעות וועגן דעם מקור פון די האנט־שריפטן, ווער ס׳האָט זיי געשריבן, ווען, אין וועלכער טעכניק און מיט וועלכע פארבן.




איוב און זיינע חברים. פון פירוש רש״י על התורה. געשריבן אין ווירצבורג פון שלמה בן־שמואל, אין יאָר 1233. פארבן מיט גאָלד. מינכען, מלוכה-ביבליאָטעק, קאָד. 5, באנד 2

JOB AND HIS FRIENDS. FROM A COMMENTARY ON THE BIBLE BY RASCHI. WRITTEN AT WUERZBURG IN 1233 BY SOLOMON BEN SAMUEL. MINIATURE IN GOUACHE HEIGHTENED WITH GOLD. MUNICH, STAATSBIBLIOTHEK. COD. HEBR. 5, VOL. II

# עמנואל גליצענשטיין

הײנטיגע צײטן זײנען אײגנטליך פארהאנען נאָר װעניג
א זעלכע קינסטלערישע פערזענליכקײטן, צו װעלכע מ׳קאָן
גאנץ תמימות׳דיג צוגעהן און דערװארטן פון זײ א שטענדיגן
תענוג. דאָס רוב קינסטלער־נעמען ערשײנען פאר אונז הײנט
אין א בלענד־װערק פון רעקלאמע, פארטײאישע לאָזונגען,
פראָגראמעס, און ס׳זײנען פארהאן מענשן, װעלכע זײנען
איבערצײגט, אז אָט דער גאנצער גרױס־שטעטישער טשאד און
טאַראַראַם זײנען נױטיג פאר׳ן עסטעטישן, אז ס׳איז נױטיג
אונטער־צו־קיצלען אונזערע חושים, כדי זײ זאָלן קאָנען רעא־
גירן אױפ׳ן קונסט־װערק. דעריבער טאקע לאָזן זיך
די קינסטלער גופא אזױ לײכט פארפיהרן צו באנוצן זיך מיט
פארבליפנדיגע טריוקס אין זײערע װערק, דורך װעלכע מ׳דארף
עס, הײסט עס, אױפװעקן די אױפמערקזאמקײט פונ׳ם פאר־
שלאָפענעם אָנקוקער און אים מיט געװאלד צוקאָװען צום
קונסט־װערק.

װײט פון אָט דעם גאנצן טומעל שטעהט דער יונגער
מאָלער עמנואל גליצענשטײן, און מ׳מוז זיך קודם איבער־
טראָגן אין א גאנץ אנדערער לופט, מ׳מוז א סך זאכן פארגעסן
און װידער אנדערע, דערװײל פארלױרן־געגאנגענע, געדאנקן
און געפיהלן נאָכאמאָל ארױסנעמען פונ׳ם זכרון, כדי אָפּצוגעבן
א װירקליך גערעכטן אורטײל איבער גליצענשטײן׳ס װערק.

מען דיסקוטירט הײנט אָפטליך, בשעת אײניגע פיהרנדע
קינסטלער פון די עקסטע ריכטונגען, װי למשל, פּיקאַסאָ,
דערמאָנען זיך װידער אמאָל אין עבר, װעגן מוזעאום־
קװאליטעטן און מוזעאום־װירקונגען אין דער מאָלערײ. דערבײ
דענקט מען הױפּטזעכליך װעגן דער פארב און ליניע. דער
מאָדערנער קאָנסטרוקטיװיסטישער סטיל האָט נעמליך שטארק
פארנאכלעסיגט די פארב לטובה פון די אױסשליסליך קאָמפּאָ־
זיציאָנעלע פּראָבלעמען, סײ אין איר װערט אלס שטארקער
אײנדרוק־דערװעקער, סײ אין אירע פײנערע װערטן, װעלכע
װערן דערלאנגט דורך דער הדרגה פונ׳ם טאָן, דורכ׳ן פּינקט־
ליכן אָפּװעגן פון די פארשײדענע פארבן אײנע אקעגן דער
אנדערער. דער טאלענט פון דעקאָראַטאָר און קאָלאָריסטן־
פעהיקײט האָבן געמוזט אָפּטרעטן דעם פּלאץ פאר׳ן קאָנ־
סטרוקטאָר. מ׳האָט שױן מעהר קײן פארשטענדניס ניט פאר
די פארבן־קװאליטעטן פון א װעלאַסקעס, אין װעמעס האר־
מאָניען פון גרױ און בלאַס־ראָזע מ׳פלעגט זיך אמאָל שמעלצן,
ס׳האָט אױסגעװיזן, אז מ׳האָט שױן פארגעסן, װאָס פאר אונז
איז אמאָל געװען א קאָלאָריסט, װי טיעפּאָלאָ, למשל. אפילו
די גאנץ שטילע װירקונגען פון א געצערטלטן ליניען־שפּיל
זײנען פארלױרן געגאנגען אינ׳ם קאָנסטרוקטיװיזם, װעלכער
איז בארעכנט געװען אױף פארװענדונג פון גרױסע מאסן און
שטארע געאָמעטרישע פאָרמען. מ׳האָט געמוזט געהן אין
א מוזעאום, כדי אָט אין דעם אלעמען זיך װידער צו דער־
מאָנען, און מ׳הױבט הײנט אָן װידער אין מוזעאום צו געהן.

גליצענשטײן איז געבױרן און אױפגעװאכסן אין דעם לאנד
װאו דער מוזעאום געהערט אָרגאַניש צום לעבן פון א קינסט־
לער, און ניט נאָר בלױז פון א קינסטלער. אמת, גראָד אין
איטאליע האָט העכער אױסגעקלונגען דער לאָזונג פון
די פוטוריסטן קנאפּ פאר׳ן קריג: אװעק מיט די מוזעען!
זאָל מען פארברענען די מוזעען! (מ׳דערמאָנט זיך נאָך מאַ־
רינעטיס אגיטאַציאָנס־רײזן), אָבער גראָד דאָרט האָבן די מוזעען
אַם בעסטן אױסגעהאלטן, װײל זײ האָבן ניט נאָר עקסיסטירט,
נאָר די קינסטלער האָבן זײ אין זיך אױפגענומען און פאר־
ארבעט, מ׳קאָן זאָגן אקעגן זײער אײגענעם װילן. די פּאראָלע:
„נידער מיט די מוזעען!" האָט געקאָנט פיל גיכער האָבן
ערפאָלג דוקא אין א לאנד װי רוסלאנד, װאו א גאנצער דור
פון קינסטלער האָט זיך געריסן צו דער װעלט, קומענדיג פון
דער פּראָװינץ, פונ׳ם קלײנעם שטעטל, און די גרױס־שטעטישע
מוזעען מיט זײער אונגעװאױנטן לוקסוס און אָפּגעהיטע אוצרות
האָבן אױף זײ געמוזט װירקן דירעקט פײנדליך. אין איטאליע
אָבער איז אין קינסטלערישן זינען ניט פארהאן קײן פּראָװינץ.
דען פּיזאַ און סיענאַ זײנען פּונקט אזױ צענטרען װי רױם.
איבריגנס איז גליצענשטײן אױפגעװאקסן גראָד אין רױם
און די גרױסע קינסטלערישע טראדיציעס ליגן בא אים נאטירליך
אין בלוט. אױב מיר מוזן אלזאָ בא גליצענשטײן׳ען האלטן
דאָס אױג אױף מוזעאום־קװאַליטעטן, מערקן מיר זיך: דאָ
האנדלט עס זיך ניט װעגן אײנעם, װאָס נאָך פארצװײפלטע
קאמפן און ניט געגליקטע נסיונות, קעהרט ער זיך אום צו
דער טראדיציע, דען אזא בעל־תשובה װעט ניט צופרידן זײן
מיט געזונדע, הײמישע שפּײזן, עס װעט אים דאָך ציהן
צו מעהר געפעפערטע מאכלים, און אױב אפילו ער װעט שױן
קומען צום קלאַסיציזם, װעט ער זיך אױסזוכן אלס
פאָרבילד א ענגר, למשל, אײנעם פון די שפּעטע נאָכשפּירער,
פון די איבערצײטיגע. דאָס איז געװען דער װעג פון ניט
װעניג פון די מאָדערנע פראנצױזן. גליצענשטײן דארף אױף
אים ניט געהן. דאָ באאָבאכטן מיר צום אלער װעניגסטן
א געצװאונגענעס תשובה־טון. א קינסטלער איז פון דער
פריעסטער יוגנט געגאנגען א גלײכן װעג, כסדר פאָרטשרײטענד,
און בעת ער רעדט װעגן קונסט און װעגן נאטור, פיהלט ער
לחלוטין ניט עפּיס א טראגישע פּראָבלעמאטיק. מיר מוזן
נאָך אמאָל בלעטערן אין די טאגעביכער־רשימות פון לעאָנארדאָ־
דאַ־װינטשי, כדי װידער צו געװינען אָט די דאָזיגע אומ־
שולדיקײט און זיך אױסלערנען זי צו פארשטעהן. שטעלט
זיך פאָר צום בײשפּיל א זאץ פון גליצענשטײן׳ען װי אָט
דער, װעלכן מיר נעמען ארױס פון זײנעם א בריעף: **Toutes
les manifestations artistiques qui se produisent dans
la nature et dans l'oeuvre humaine** (אלע קונסט־
ערשײנונגען װעלכע קומען אױף אין דער נאטור און אינ׳ם
מענשליכן װערק...) קלינגט עס ניט רײן, פּשוט און עכט —



עמנואל גליצענשטיין
EMANUELE GLICENSTEIN

1921, רוים
1921. ROME

זעלבסט־פאָרטרעט פונ׳ם מאָלער און פון זיין שוועסטער
PORTRAIT OF THE ARTIST AND OF HIS SISTER

אויף מקנא צו זיין ? איינער, וואָס ווייסט א טאָלק אין די קונסטטעאָריעס פון אונזער צייט, צי וואָלט ער דאָ ניט גענומען זיך גריבעלן און חקר׳נען ? דען ס׳איז דאָך ניט אזוי גאָר שוין קלאָר אָהן טענות, אז אין דער נאטור איז פארהאנען אויך אחוץ דעם מענשליכן שאפן דערשיינונגען, וואָס קאָנען א קינסטלערישן ווערט האָבן. גליצענשטיין, כאָטש א ייד, גריבלט ניט אזוי פארצווייפלט אינטענסיוו. ער לעבט אין אומפראָבלעמאטישער פשטות, אונטער א גליקליכן הימעל, וואו דעם קינסטלער ווערט ניט פארדאָרבן די פרייד פונ׳ם זעהן דורך צופיל ספעקולירן, וואו די נאטור איז נאָך פאר אים א אָרגאנישעס געבילד און ניט שוין צו א פונאנדערלעגבארן באגריף געוואָרן.

דער מענש, וועמען גליצענשטיין׳ס ווערק איז געווידמעט, איז אויך א שטיק פון דער אָרגאנישער נאטור, וועלכעס געהערט אריין אין דער מיט, ניט קיין געאָמעטרישע אָפּגעצירקלטע פיגור ווי פון א מאשין, נאָר עפּיס א זוינס ווי א געוויקס, ווי א בוים, וועלכער לעבט בשותפות מיט דער ערד אין וועלכער ער איז פארוואָרצלט, מיט דער לופט, וועלכע נעהרט אים. אין דעם דאָזיגן פארהעלטניש זיינעם צום מענשן האָט גליצענשטיין א קנאפּע שייכות צו די מאָדערנע, דען דיזע געהן אויס דרויף, פאָרצושטעלן דעם מענשן אלס עפּיס, וואָס איז אינגאנצן ארויסגעריסן פונ׳ם נאטירליכן צוזאמענהאנג, אלס א זאך, וואָס איז אין זיך גופא באגרעניצט, א אָפּגעשלאָסענעס גאנצע. א מין בודאַ־געשטאלט, וואָס איז פארזונקן אין זיך זעלבסט, א קוביש שארף ארומגעצייכנטער בלאָק, עפּיס מעהר פּלאסטיש, איידער מאָלעריש געזעהענעס, איז דער מענש אין די געשטאלטונגען פון די מאָדערנע. גליצענשטיין איז אָבער נאָהנט צו יענע, וועלכע טונקן אלעס אין א וויברירנדער אַטמאָספערע, וועלכע ציהן אריין די סביבה אין זייער באטראכטונג, וועלכע ווייסן ניט פון געצוואונגענע אבסטראקציעס אין א לופט־ליידיגן חלל. דאָס וויל ניט זאָגן, אז ער שטעקט אין אימפּרעסיאָניזם, וועלכער צעטיילט ליכט און שאָטן, פארב און ליניע אין טויזנטער שפּליטערן. זיין פאָרם איז פיל אָנגעצויגענער, איידער די פון די אימפּרעסיאָניסטן, אָבער זי איז פאָרט ווייט פון דער סכעמאטיזירונג, אזוי ווי זי ווערט דורכגעפיהרט בא די היינטיגע. דער הינטער־גרונד איז נאָך פאר אים עפּיס אזוינס, וואָס איז פארוואכסן מיט׳ן פאָרגעשטעלטן אָביעקט. באטראכט נאָר אינ׳ם פאָרטרעט פונ׳ם רויט־האָריגן פּאָעט, די בלוי־גרוי־זילבעריג בלישטשנדיגע, מיט רויטליכע רעפלעקסן אויפפלאַקערנדיגע פּלאסטיק אויף לינקס, ווי אָפּגעוואויגן זיי זיינען א קעגן דעם רויט פונ׳ם קאָפּ, אקעגן דעם גרין און בלוי פונ׳ם אנצוג און ווי ווידער אויך אויפ׳ן פנים חזרט זיך איבער דאָס גרין אין די רעפלעקסן. יעדער טאָן אין דער פיגור האָט זיין אָפּענפער אינ׳ם הינטער־גרונד און ווידער צוריק. אויף דעם זעלבסט־פּאָרטרעט מיט דער שוועסטער שלאָגט דעם ערשטן טאָן די קנאל־רויטע נעלקע און ער פלאנצט זיךאריבער אינ׳ם גליהנדיגן רויט פונ׳ם האלז־אויסשניט, פון די הענט, פון די וואַנגען, און ער שלאָגט זיך אָפּ אין זיין קאָנטראסט, אינ׳ם קיהלן גרוי־גרין פון די שאָטנס. שוין דער אופן, ווי אזוי גליצענשטיין גיט זיין מאָדעל די בלום אין דער האנט אנטפלעקט אין א׳ם דעם ליריקער, וועלכער לוישט נאָך שטימונגס־וועקנדיגע באציהונגען. פאר וועמען ס׳איז ליב גראָד דאָס פלאנצהאפטיגע, די נאטירליכע, ווייכע געשוואונגנהייט פון דער פאָרם, וועלכע ער האָט מורא ער זאָל ניט פארגעוואלטיגן, אויב ער וועט מוזן זי אריינצווינגען אין שטארע אָפּגעצירקלטע קאָנטורן. א קליינער פרט, ווי דער רויטער טולפּאן אויפ׳ן פּאָרטרעט פונ׳ם דיכטער, דערצעהלט אונז שוין א סך פון דעם אופן, ווי אזוי דער קינסטלער באטראכט. ער שטרייכט אונטער אין איר ניט דאָס הארטע, אָפּגעהאקטע, אזוי ווי ס׳איז דער היינטיגער אופן צו זעהן ׳זינט וואַן־גאָג, נאָר די צירליכע געשוואונגענהייט פונ׳ם צוויט, פון די בלעטער, פונ׳ם שטענגעל, א געשוואונגענהייט, וועלכע נעמט אָבער אויך ניט אָן קיין שטארק אויסגעלאָדענע, קראמפּהאפטיגע פאָרמען, נאָר איז געמעסיגט דורך א שטרענגען צוג איבער׳ן ווערטיקאל, וועלכער מאכט בולט די מיטל־אקס פונ׳ם בילד. צי דערמאָנט דאָס ניט די גוט־אָפּגעוואויגענע ריטמען פון די סימבאָליסטן, זייערע קונסטפולע פערזן, וועלכע ווירקן אויך אזוי איינגעהאלטן־געבונדן ? די שלאנקע, צירליך געשפּרייזטע פינגער, די רעגלמעסיגע כוואליעס פון די האָר, אלעס העלפט מיט, די דיכטער נשמה צו כאראקטעריזירן, וועלכע לעבט זיך אויס אינ׳ם הארמאָנישן וואויל־קלאנג.

זיך אליין האָט דער קינסטלער אנדערש געזעהן. אין זיין זעלבסט־פּאָרטרעט איז ניטאָ גאָר ניט פון עסטעטישער האלטונג: א שמערצהאפטיגע, קראמפּהאפטיגע שפּאנונג שטרענגט אָן זיינע געזיכטסציגע, די אַקסל און די הענט. מ׳שפּירט עס גלייך: דער דאָזיגער מענש איז אינגאנצן זעהן, זשעדנע אויפנעמען, וועלכעס וועט יעדער רגע פארוואנדלט ווערן אין פיבערהאפטעס שאפן. דער קלאסיש געפיהלטער קאָפּ פון דער שוועסטער מיט זיינע ווייכע רונדע ליניעס, מיט זיין באקוקנדיגן בליק, דערמאָנט אָבער די זיסע פרויען־געשטאלטן פון דער צייטיגער איטאליענישער רענעסאנס און רופט ארויס באגליקנדע הארמאָניען, וועלכע מילדערן א ביסל די ליידנשאפטליכע שפּאנונג פון דער צענטראלער פיגור. אלס שטרענגער פוריסט קאָן זיך נאָך א גלוסט טון, צו באצייכענען אלס חסרון א געוויסע ניט־אויסגעגליכנקייט אינ׳ם דעטאַיל. אונזער היינטיגער פארבן־זין, וועלכער געהט אין אנדערע וועגן און איז צום טייל אפילו שוין אטראָפירט, פארלאנגט א גרעסערע פשטות אין דער פארבן־געבונג. דאָס שימערירנדיגע און פלאטערנדיגע איז ניט מעהר לויט אונזער געשמאק. זאָל מען אָבער באדענקן, אז מיר האָבן דאָ צו טון מיט בילדער, וועלכע זיינען שוין פארהאנען, און אינ׳ם לעבן פון אונזער דור באטייטן דען ניט אָט די לעצטע פאָר יאָר א גאנצע עפּאָכע ? גליצענשטיין איז נאָך זעהר יונג, אין די צוואנציגער, און כאָטש ער דארף ניט געהן דעם וועג, וועלכער האָט געפיהרט אנדערע איבער׳ן קוביזם, זוכנדיג נאָך א פעסטערער אנגעצויגענערער פאָרם, — א סך האָט אים די נאטור געגעבן, וועלכעס באפרייט אים פון דער פלאגע פון די לערן־יאָרן, — קאָן דאָך פאר אים האָבן א ווערט מאנכעס פון די דערגרייכונגען פון דער צייט, באזונדערס אין גבול פון דער מעטריק, פון דער לעהרע וועגן גלייכגעוויכט.

ר ח ל ו ו י ש נ י צ ע ר ־ ב ע ר נ ש ט י י ן

# באלאדע פון אויסערן לעבן

פון

הוגאָ פאָן האָפמאנסטאל

אונ קינדער וואקסן אויף מיט טיפע אויגן,
וואָס וויסן גאָרניט, וואקסן אוף און שטארבן,
און אלע מענשן געהן אין זייערע וועגן.
אונ זיסע פרוכטן ווערן פון די הארבע
און פאלן אויף דער נאכט, ווי טויטע פויגל
נידער,
און ליגן אָפּ א טאָג און נעמען דאַרן,
און שטענדיג וועהט דער ווינט, און שטענדיג ווידער
מיר הערן אויס און רעדן אזוי פיל ווערטער,
און שפּירן פרייד און מידקייט אין די גלידער,
און גאסן ציהן זיך דורך גראָז און ערטער,
אי דאָ, אי דאָרט, פול פאקעלן, בוימער, טייכן,
און וועגן אומעטום, פון שרעק און טויט
צעשטערטע . . .
פאַרשיידענע, צו וואָס זיי האָט מען דאָ געבויט?
זיי געהן קיינמאָל גלייך און זיינען אזוי פיל?
וואָס ענדערט אום דען לאכן, וויינען און דער טויט?
וואָס טויג דאָס אלעס אונז און אָט די שפּיל,
אז גרויסע זיינען מיר און אייביג איינזאם,
און, וואנדרענדיג, אין ערגעץ זוכן ניט קיין ציל.
וואָס טויג דאָס גלייכן אונז געזעהן אזוי פיל האָבן?
און דאָך, זאָגט יענער פיל, ווער „אָוונט" זאָגט, —
א וואָרט, וואָס טריפט מיט טיף־זין און מיט טרויער,
ווי שווערער האָניג פון די הוילע האָניג־
שאָבן.

איבערגעזעצט פון דייטש דורך ע. קאָרמאן



ZODIACAL SIGN
OF THE MONTH OF TEBETH
FROM THE HAGGADAH No. 1
15th CENTURY. NUREMBERG
NATIONAL MUSEUM

מזל טבת
פון דער הגדה Nr. 1
ניורנבערג
נאציאָנאל - מוזעאום

# צו מאַקס באַנד׳ס אַ פאָרטרעט

דער יונגער ליטווישער מאָלער, וואָס לעבט היינט אין דייטשלאַנד, מאַקס באַנד, איינער פון די ענערגישסטע טאַלענטן פון דער לעצטער אנטוויקלונגס־פאַזע, וועלכע שטרעבט צו קלערונג און בולט־מאכונג אינ׳ם בילדליכן אויפבוי, האָט אינ׳ם פאַרליגנדען פאָרטרעט אויסגעמאָלט זיין פריהעריגן רבי׳ן, דעם רוס באָריס גריגאָריעוו. די ערשטע פראגע בא יעדן פאָרטרעט איז וועגן דער עהנליכקייט; דערביי דארף מען געוויס ניט פארשטעהן אונטער עהנליכקייט בלויז די אויבערפלעכליכע פאָטאָגראפישע געטריישאפט, בלויז די אויסערליכע אָפשפיגלונג פון א מענשן, נאָר בעסער דאָס געראָטענע איבערגעבן פון זיינע וועזנטליכע פיזיאָנאָמישע און גייסטיגע שטריכן, פון זיין גאנצער פערזענליכקייט. אָבער אָפגעזעהן פון דעם, וואָס צו א אורטייל איבער אזא עהנליכקייט איז נייטיג צו קענען דאָס אויסזעהן און דאָס וועזן פונ׳ם פאָרגעשטעלטן, וועט דער קינסטלעריש אורטיילנדער גראַד ניט האלטן די דאָזיגע פראגע וועגן דער עהנליכקייט, אלס א עקר, אלס אנטשיידענד בא דער אָפשאצונג פונ׳ם פאָרטרעט. היינטיגע צייטן נאָך וועניגער ווי אלעמאָל.

ס׳איז אפשר א גוזמא צו זאָגן, אז די פאָרטרעט־פאָטאָגראפיע פון היינטיגע צייטן האָט באפרייט דעם מאָלער פון אָט דער אויפגאבע (צו היטן די עהנליכקייט), וועלכע איז גיכער א פרימיטיווע איידער א פרימערע. אזעלכע רייד הערט מען דאָך ניט זעלטן. ווער עס זאָגט אזוי, זעהט אָבער ניט איין, אז דער פאָטאָגראף, אפילו מיט׳ן שארפסטן אינסטרומענט און מיט דער גרעסטער געשיקטקייט אינ׳ם איינאָרדנען פון א קאָפּ, קאָן גראַד אָט די ע ה נ ל י כ ק י י ט ניט דערגרייכן; ער קאָן נאָר דערלאַנגען צו א גרעסערער, אָדער קלענערער ג ל י י כ ־ ק י י ט. דער פאָטאָגראף שאפט דאָך ניט קיין בילד, ער פאקט נאָר די אָפשפיגלונג. פון דעם קונסט־שטאנדפונקט איז גלייכקייט ניט עפיס מעהר, נאָר פארקעהרט, ו ו ע נ י ג ע ר פון עהנליכקייט, שוין דערפאר, וואָס אייגנטליך קאָן גאָר ניט זיין קיין גלייכקייט צווישן א בילד און א מענשן. דאָס קאָן נאָר זיין צווישן צוויי גלייכארטיגע זאכן, אין אונזער פאל צווישן צוויי אָפשפיגלונגען. דעם קאָפּירנדיגן פאָטאָגראף פעהלט אלזאָ דער סימבאָל פון גלייכעניש, און דערפאר אויך די טיפקייט פונ׳ם קונסט־ווערק, וועלכעס נעמט זיך אונטער צו באשאפן אנ׳אַנאלאָגאָן צו א שטיק נאטור, גראָד כדי צו כאפן די ווירקליכקייט גופא און ניט בלויז איר שיין.

עהנליכקייט איז אלזאָ, היינט ווי אלעמאָל, א באזונדערע קינסטלערישע אויפגאבע, אָבער ניט די אנטשיידענדע; ובפרט איז זי היינט ניט די אנטשיידענדע, ווייל כאָטש די געראָטענע עהנליכקייט איז מוסיף צום רוהם פונ׳ם מאָלערס לייסטונג, אָבער זי בארירט ניט די באדייטונג פונ׳ם בילד, אלס א זעלבסטשטענדיגעס, זאכהאפטיגעס געוויקס, אונאָפהענגיג פון אלע לייסטונגען; און ווייל מיר האָבן היינט ווידער אנטדעקט דאָס ב י ל ד אינ׳ם בילד. דאָס מיינט: מיר זוכן היינט ניט זיין זין נ ע ב ן אים, אָדער אין זיינע באציהונגען צום פאָרגעשטעלטן, נאָר אין אים גופא. פון אָט דער אויפפאסונג ארויס וועגן דעם אוטאנאָמען מהות פונ׳ם בילד, מאָלט א קינסטלער ווי מאַקס באַנד. יעדעס פון זיינע ווערק איז צום טייל ממש א צושטימונג צו אָט דער אויפפאסונג וועגן מהות פון א בילד. דעריבער מוז מען, כדי דעם גריגאָריעוו־פאָרטרעט צו פארשטעהן, קלאָר מאכן דאָס פראָבלעם פון דער עהנליכקייט און באַנדס שטעלונג צו די פאָדערונגען פון דער עהנליכקייט.

און דאָ קאָן מען זאָגן: באַנדס פאָרטרעט איז קודם כל א ב י ל ד און ערשט אין צווייטער ליניע א אָ פ ב י ל ד. גראָד אין דעם דאָקומענטירט זיך זיין שטארקע זאכליכקייט. אמת, מ׳קאָן לייכט קומען צום געדאנק, אז פאָרטרעט־עהנליכקייט איז די העכסטע מדרגה פון קינסטלערישער זאכליכקייט, ווייל אָט די עהנליכקייט באטייט דאָך די אָנערקענונג פון די פאקטן אין דער פיזיאָנאָמיע. די אמת׳ע זאכליכקייט אָבער איז אנ׳אנטפלעקונג פון דער פאָרם גופא און שפאנט אריבער איבער׳ן מאָדעל צו דעם עצם זאכליכן אויפבוי פונ׳ם בילד. אָט די זאכליכקייט באפרידיגט, אגב, אויך די פאָדערונג פון דער עהנליכקייט. דען איר ענערגיע וועט שוין דעם פאקט „גריגאָריעוו״ אויך ניט פארנאכלעסיגן. אָבער זי צילט פיל ווייטער: צו א פעסטער אָרדנונג, צו א קלאָרער און מאטעמאטיש־ניכטערער דורכגעשטאלטונג, צום ארויסארבעטן די בילדמעסיגע נויטיקייטן. דאָס פורעמט זיין א י י ג ע נ ע טאטזאכליכקייט. אמת ניט פריי־ארומשוועבנדיג, אבסטראקט, ניט־פארבינדנדיג זיך לחלוטין מיט די רעאליטעטן. דאָס איז אייגנטליך פאר זיך אויך מעגליך, און אין די לעצטע יאָרן האָט עס ניט געפעהלט אין נסיונות פון אבסאָלוטע פאָרם־קאָמפאָזיציעס לחלוטין אָהן א אָנשפאר אויף א מאָדעל. דאָס איז דאָך די שטרעבונג פונ׳ם פראנצויזישן קוביזם, אלס סטיל. באַנד אָבער, כאָטש ס׳איז קלאָר, אז ער הענגט צוזאמען מיט׳ן קוביזם, געהערט דאָך צו יענע נייע, וועלכע שטעלן אריין די דערגרייכונגען פון אָט די נסיונות אין א זאכליכקייט, וואָס ניט זי שפרינגט אריבער איבער דער רעאליטעט, איבער׳ן מאָדעל, נאָר פארקעהרט, זי ברייגנט עס נאָך שטארקער צום אויסדרוק. ערשט אָט דער נאָך־קוביזם האָט ווידער בכח צו שאפן אמת׳ע פאָרטרעטן. פון אָט דער סיטואציע ארויס שעפט א געשטאלט־בויער ווי באַנד די קראפט און די אינטענסיטעט פאר זיינע פאָרטרעטן. די דאָזיגע קונסט־ריכטונג האָט די אמביציע ארויסצובאקומען א דייטליכע זאכהאפטיגע טאטזאכליכקייט פונ׳ם בילד דוקא פון דער אנערקענונג און אנזיכטיגער באווייזונג פון זאכליך־קלאָר פאָרגעשטעלטע טאט־באשטאנדן, מיט אנדערע ווערטער: די בילד־זאכליכקייט צו



מאַקס באַנד

דער פּאָרטרעט פונ׳ם מאָלער גריגאָריעוו

אויס דער זאמלונג פון מאַקס גרינבוים, בערלין. מיט ערלויבעניש פונ׳ם זשורנאַל „די דאמע“, אולשטיין-פארלאג, בערלין

MAX BAND

PORTRAIT OF M. GRIGORIEV

FROM THE COLLECTION OF M. MAX GRUENBAUM, BERLIN
BY KIND PERMISSION OF THE ULLSTEIN PUBLISHING HOUSE

מאָטיווירן דוקא אין דער זאכליכקייט אקעגנאיבער דעם מאָדעל. די דאָזיגע טאָפּעלע זאכליכקייט באזירט אלזאָ שטארקע בילדליכקייט דירעקט אויף פאָרטרעט־עהנליכקייט. ס׳קומט אויס, ווי זי נעמט פון דער ערשיינונג פונ׳ם פאָרגעשטעלטן מאטעריאל פאר איר בילד, וועלכעס דארף אָבער באשטעהן לויט אנ׳אייגענעם פלאן און זיך אליין געניגן. און אויף אזא אופן בריינגט זי פאָרם און ווירקליכקייט צו א הסכם אויף אגאנץ נייעם דרך. און פילט אָן די אידעע פונ׳ם פאָרטרעט מיט א שטרענגען זין.

באטראכטן מיר אצינד דעם פאר אונז ליגנדן פאָרטרעט פון גריגאָריעוו׳ן, באמערקן מיר דורך און דורך א אנטשידנהייט סיי אין דער פיזיאָנאָמישער, סיי אין דער ריין פאָרמאלער דורכארבייטונג. א אנטשידנהייט, וואָס שרעקט זיך ניט אָפּ פאר דער הארטקייט פון די אומריסן. פאר דער ביז צו שטייפקייט איינדייטיגער גלעטונג פון דער פלעכע, פאר כמעט א העלצערנעם פשטות און שטרענגקייט פון דער קערפערליכער פאָרם, פאר כמעט א דראסטישער אקעגן־שטעלונג פון די פארשיידענע מאטעריע־טיילן, האָר, פלייש, געוואנד א. א. וו. יעדעס קאָסטיומליך אינטערעסירנדע, די סביבה אויסמאָלנדיגע ביי־ווערק פעהלט לגמרי. דער קאָפּ איז האָפערדיג איזאָלירט און כמעט מיט א שטארן בליק פיקסירט. דער דאָזיגער פאָרטרעט זאָגט עדות אויף א אומבאדינגטער קאָנצענטרירטקייט פון דער אויפפאסונג. ניט קיין מימיק, ניט קיין שטימונג, ניט קיין מאָמענטאלער אפעקט, אָדער פסיכאָלאָגישע כונה דרענגען זיך פאר דער קלאָרער, אָפענער געגנשטענדליכקייט פונ׳ם קאָפּ, וועלכער שטעהט אין ראמען אזוי תמ׳עוואטע, וואָרט־קארג, אינגאנצן אויפ׳ן טאטזעכליכן באשרענקט, עהנליך ווי די ביוסטן פון א בענעדעטאָ־דאַ־מאַיאַנאָ. אלע קאָנטורן געהן דייטליך און ניט־געבראָכן לויט איין געצויגענעם ריטם. די קאָמפּאָזיציע האָט אין זיך עפּיס באשטימטעס, ניט צופעליגעס, וועלכעס ווידערהאָלט זיך אין די איינצלנע זעהר גלייכמעסיג געפארבטע פלעכן. די צייכנונג זעצט נאָר איינִיגע שטארק בולטע ליניעס, צווישן וועלכע עס שווימט ארויס די קערפערליכע מאָדעלירונג פּונקט אזוי שפּאָרזאם, ניט צווייד‌ייטיג, אָהן שום קליינליכקייט פון פארביגע און שאָטנדיגע ניואַנסן, נאָר פון א איינהייטליכער, אויסגעהאלטענער פארב. פון דעם קומט יענע לאטייניש־שטימענדיגע קלארקייט פון דער סטרוקטור אינגאנצן, דער אויסדרוק פון א עהרליכן עקשנות, וועלכע אונטערדריקן ניט דעם רוסישן טיף מיט זיין צוג פון וועלט־באטראכטונג, אין זיך אריין געווענדעטן בליק און א נאָטע פון א פארהארטעוועטער, פארדעמפטער נשמה, נאָר פארקעהרט, לאָזט אים ווערן צום געזעץ פונ׳ם גאנצן בילד. דען ניט נאָר אין דעם בליק פון אונטער די שווערע וויהעס, וועלכער קוקט אין דער פוסטקייט אריין, נאָר אויך אין דער קרייזלדיג אראָפּהענגעדיגער קיילעכיגער קודלע, אין דעם קאָמפּאקט זינקנדיגן פאַרלויף פון דער באק, אין די הערמעטיש צונויפגעשלאָסענע ליפּן און אין אָט דעם קאָסע און גלייכמעסיג געצויגענעם קאָלנער פונ׳ם רעקל פיהלט זיך אָט דער טעמפּ און אָט דער טעמפּעראמענט. אויך די פאָרמען פונ׳ם הינטערגרונד, וואו פיר־עקן שניידן זיך דורך איינער דעם אנדערן אין קוביסטישן אופן, שטערן ניט די אינעווייניגסטע סטאַטיק פון דעם קאָפּ, וועלכער איז גענומען גאנץ גרויס און גראָד אלס דויערנדע ערשיינונג; און קוקט מען זיך איין אינ׳ם לעבן פון אָט די געאָמעטרישע פאָרמען, וועלכע פלאנצן זיך ווייטער אין די טיילן פונ׳ם ראָק און פון דאָרט ווייטער ביז צום סאמע געזיכט, געפינט מען אין זייערע פּראָפּאָרציעס, אין דעם שפּיל פון זייער ווינקעלונג, אין דער מאָס פון זייערע גרויסן און פארביגע געגנזעצן, פונקט דעם זעלבן ריטם, דעם זעלבן כאראקטער. דאָס בילד האָט אין זיך אונבאדינגטע איינהייטליכקייט און געדיכטע געשלאָסנקייט. עס איז געוויס ניט טויט, אויב עס איז אזוי פעסט. אויך דאָס, וואָס פיהלט זיך פון יענער זייט פונ׳ם אינדיווידועלן לעבן פעהלט אים ניט, און עס באגניגט זיך ניט מיט׳ן בלויזן טיף אליין, עס האלט פעסט אויך גאנץ פערזענליכע ציגע און א פילבארע פאָרטרעט־ווירקונג. פאָרמולירנדע דייטליכקייט קויפט זיך ניט דורך דער אויפאָפּפערונג פונ׳ם איינמאָליגן, קאָנסטרוקטיווע זעלבסטשטענדיקייט ווערט ניט דערגרייכט אויף קאָסטן פון דער עהנליכקייט. א סך מעהר באקומען מיר יענעם איינדרוק פון נויטיקייט, וועלכער באטייט די לעזונג פון דיביידע אויפגאבן אינאיינעם, ווענעס שטרייט צווישן זיך, מאכט אויס די פּראָבלעמאטיק פון יעדער פאָרטרעט, — בילד אויפבוי דורך דאַרשטעלערישער זאכליכקייט, — עהנליכקייט דורך קאָנסטרוקטיווער זאכליכקייט. דער יונגער מייסטער, וועלכער האָט שוין אין שטיל־לעבן ערשטוינליך איינדרינגענד און ציל־באוואוסט זיך דערשלאָגן צו אָט דער סינטעזע פון געגנשטאנד און בילד־לאָגיק, האָט מיט דעם דאָזיגן פאָרטרעט ארויסגעבראכט א לייסטונג, וועלכע איז פאר אים אליין א פאָלקאָמענע לעגיטימאציע און פאר דעם אלגעמיינעם קונסטווילן פון דער צייט באקרעפטיגענד, אנטשיידענד און אָריענטירענד.

וו. וואָלפראַדט



אָסקאַר מיעשטשאַנינאָוו — פּאַריז, 1914 — טאָרזאָ

OSCAR MIESTCHANINOV — 1914. PARIS — TORSO



טאָרזאָ | פּאַריז, 1914 | אינדענבוים
TORSO | 1914. PARIS | INDENBAUM

# פלאסטיק און מאָלעריי

פלאסטיק און מאָלעריי — ביידע פארמאָגן די מעגליכקייט, נאָכצובילדן זאכן פון דער נאטור. איך זאָג אויסדריקליך, נאָר די *מעגליכקייט*, ניט די אויפגאבע, דען וויפיל ס׳זאָל ניט זיין די געוואוינהייט פון די דאָזיגע ביידע קונסטן נאָכצומאָלן די נאטור, קאָן פון דעם כלל ניט געמאכט ווערן קיין געזעץ, אזוי ווי דאָס האָט באוויזן גראָד די נייסטע קונסט־איבונג, וועלכע ווירקט דוקא מיט פאָרמען, וואָס זיינען ווייט פון דער נאטור. די דאָזיגע קונסט־איבונג, אלס א זעלטענע שפילארט, לאָזן מיר ארויס פון אונזער באטראכטן און נאָר אגב אורחא וועלן מיר באמערקן, אז די מאָלעריי קאָן אזעלכע ניט־נאטורישע פאָרמען און פארבן פרייער אויסשפרייטן איבער׳ן שטח, בשעת די פלאסטיק מוז דאָך שטענדיג זיך האלטן בא דער סטאטיק פון אירע געבילדן.

אָבער אויך די באנוצונג פון נאטירליכע אָביעקטן איז פאר דער מאָלעריי ערלויבט אין א גרעסערער מאָס אלס פאר דער פלאסטיק. מעהר פון אלעמען קאָן דאָ נאָך די רעליעף־קונסט אויסהאלטן דעם גלייכן שריט. מחמת דעם וואָס אירע געגנשטאנדן זיינען אָנהאפטיג צו א הינטערשטן גרונד־פלאך, קאָן זי למשל בילדן אויף א דינעם צווייג רוישענדיגע בלעטער, אינ׳ם חלל ארומשווימענדיגע וואָלקנס; קורץ — א מין לאנדשאפט, וואָס פאר דער פרייפלאסטיק איז עס ניט מעגליך. די לעצטע, זייענדיג געבונדן אָן דער האלטבארקייט און באשטאנדפעסטיקייט פון איר מאטעריאל, קאָן זי פון דער שפראָצנדיגער נאטור ניט אויפנעמען פיל מעהר ווי בלויז דעם נאקטן גזע פון א בוים; איר אייגנטליכעס געביט פון פאָרשטעלונגען איז אָבער די געשטאלט פון מענשן און פון חיות, און אויך די דאָזיגע נאָר אויף אזוי פיל, וויפיל זיי שטעהן אין בארירונג מיט׳ן ערד־באָדן. מיקעלאנדזשעלאָ, אין וועמען מ׳זעהט געוועגליך דעם פארבאהאלטענעם סקולפטאָר, אפילו ווען ער נעמט זיך צום פּינזל, האָט דאָך, בעת ער האָט געמאָלט די סיקסטינישע קאפּעלע, געשאפן פאר זיך אן־אייגן פאנטאזיע־געביט, וועלכן די פלאסטיק האָט ניט בכח געהאט צו דערפילן: די גרויסארטיגע, איבער׳ן חלל שוועבענדיגע געשטאלט פון גאָט־דעם־פאָטער אויף דער סטעליע, די ארויפשטייגנדע צדיקים און אראָפּנידערנדיגע פארשאָלטענע אויף דער וואנד פונ׳ם אלטאר.

די פארב איז אין רשות פון דער רונד־, ווי פון דער רעליעף־פלאסטיק. אפילו דאָס ליכט געפינט זיך אין קרייז פון איר פאָרשטעלונג. די סטאטוע פון טאנאטאָס האלט די ברענענדיגע פאקל אראָפּגעלאָזט צו דער ערד, און אינ׳ם רעליעף זעהט מען צייטנווייז די זון אויפ׳ן הימעל שיינענדיג, ווי צום ביישפיל אויפ׳ן אנטאָניוס־רעליעף פון דאָנאטעלאָ מיט דער היילונג פון דעם משוגענעם זוהן, אָדער די לבנה, ווי צום ביישפיל אויף דער רוקנזייט פון פיז. נעלאָ׳ס מעדאַיל פאר צעציליע גאָנזאגא. ווי חנ׳עוודיג שטעהט זיין פיינער האָרן איבער דער האלב־אויסגעטוענער יונגפרוי, וועלכע היט א רוהענדיגן איינהאָרן, דעם סימבאָל פון צניעות. ער שטעהט, אָבער ער לייכט ניט, פונקט אזוי ווי עס לייכט ניט דאָס זון־ברעטל בא דאָנאטעלאָ אָדער דער פאקל אין דער האנד פונ׳ם מלאך־המות.

דאָ איז פאראנען א טיפערער אונטערשייד צווישן מאָלעריי און פלאסטיק. דער סקולפטאָר קאָן נאָך גראָד געבן דעם ליכט־אויסשפרייטנדן קערפער; דאָס לייכטן גופא און זיין געגנשפילער, דעם שאָטן, האָט ער ניט בכח פאָרצושטעלן. דאָס הייסט ניט, אז די פלאסטיק איז באראויבט פון ליכט און שאָטן. לחלוטין פארקעהרט קאָן מען זאָגן, אז גראָד ווייל די פלאסטישע ווערק מאָדעלירן זיך, שוין צוליב זייער קערפערליכקייט, אין ליכט און שאָטן, קאָנען זיי ניט געברויכן א צווייטעס ליכט, וואָס זאָל אויף זיי גופא פאָרגעשטעלט ווערן. עס וואָלט זיך געשטעלט אין א קאָנקורענץ מיט דעם שוין פאראנענען ליכט און וואָלט זיין ווירקונגס־אופן מבטל געמאכט.

די פלאסטיק איז ניט קיין בלינדן־קונסט, וואָס רעדט נאָר צום חוש המשוש; דעריבער באדארף זי ליכט און שאָטן, כדי די קערפערליכקייט פון אירע געבילדן פאר׳ן אויג פאָרצופירן, און זי באדארף אויסער דעם ליכט און שאָטן אלס מיטל פאר קינסטלערישע געשטאלטונגען. דער סקולפטאָר וועט אויף דער ווייסער מארמאָר־סטאטוע אזוי צארט נואנסירן די מדרגות פון העל און טונקל און זיי אזוי עקאָנאָמיש פארטיילן איבער דער גאנצער פיגור, ווי א גראפיקער, וועלכער איבט זיין שווארץ־ווייס־קינסט; און אויב ער נעמט דעם ערנסטערן בראָנז, וועט ער אויך אזוי ארבעטן פונ׳ם טונקלערן צום העלערן, און לויט דער שניצונג וועט ער לאָזן דאָס ליכט מאטער זיך גליטשן איבער דעם רויהן אויבערפלאך אָדער דרייסטער אויפזעצן די גלאַנצליכטער אויפ׳ן גלאט פאָלירטן בראָנז, און יעדער פאלשער אריינפאל פונ׳ם ליכט קאָן אים דאן די גאנצע ווירקונג צעשטערן. מיקעל אנדזשעלאָ האָט באנוצט אין דער מעדיצעער קאפּעלע דאָס אויבערשטע ליכט פון דעם קאפּעלע־לאָמטערן, וואָס דרינגט אריין אין חלל, כדי צו פארשטארקן די זעעלישע אויסדרוקסקראפט. דאָס פנים פון דער „נאָטטע" זאָל דורכדעם זיך טונקען אין דער נאכט־טונקלקייט, דער שטערן פון לאָרענצאָ מעדיצי זאָל זיך דורכדעם איינהילן אין פארטראכטן שאָטן אונטער דער ארויסשטארצנדער קאַסקע. וועלפלין האָט אונז געלערנט, אז א פיינערע אונטערשיידונג צווישן די פארשיידענע קונסט־סטילן דארף אויך בא דער פלאסטיק (ניט נאָר אין דער מאָלעריי) אכטונג געבן אויף די יעדעס מאָל זיך בייטנדע ליכט־פירונג. אזוי ליבט דאָס קוואטראָצשענטאָ א דעטאַילירנדיגע אויסשפרייטונג פון די באלייכטעטע און באשאָטנטע טיילן, בשעת דאָס צינקוועצשענטאָ שטרעבט צו א גרויספלאכיגער און רוהיגערער מאָדעלירונג; דער באראָק ווידער ווארפט דורך איינצלנע טיילן מיט באוועגליכע ליכטער,

די אנדערע אָבער לאָזט ער אויסבעטן אין פאָרם־אויס־לעשנדע שאָטנס.

צו דער טיפער ווירקונג, וועלכע די מאָלעריי דערלאנגט מיט איר פּיקסירטן ליכט, קאָן די פלאסטיק מיט איר געליהענעם ליכט, פארשטעהט זיך, ניט דערגרייכן. דאָס אויפשטראלן, מיט וועלכן רעמבראנדט האָט געלאָזט מיסטיש ארויסלייכטן א איינצלשטיק פונ׳ם בילד אויס דער טונקלקייט פון די איבריגע, איז פאר דער פלאסטיק ניט דערגרייכבאר. און וואָס איז די פארב, אויב זי איז ניט איניגסט פארשמאָלצן מיט׳ן ליכט? יעדע פיינערע מאָלקונסט הויבט זיך אָן ערשט דאָרט, וואו פארב און ליכט ווירקן אינ־איינאנדער, ווען מ׳לאָזט די גרויע וואנד פונ׳ם צימער, געטראָפן פון דער מאָרגן־זון, אזוי ווי אָטעמען, דעם טונקעלן סאמעט שווער אויפגליהן, דאָס זייד פרעהליך פינקעלן. אין דער פלאסטיק בלייבט דאָך די פארב תמיד נאָר אָרטיגע פארב, איבער וועלכער דאָס ליכט פון ארום געהט גלייכ־מיטיג פאָרביי.

דאָס לעבן פון דער פלאסטיק בלויז אין דעם ליכט, וואָס דרינגט אריין פון דרויסן, נעמט זיך פון דער קערפּערליכ־קייט פון אירע געבילדן. די דאָזיגע קערפערליכקייט איז דער סימן פון יעדער פלאסטיק, און אפילו דער צארטעסטער רעליעף, מעג ער זיינע געשטאלטן לאָזן ארויסוואקסן פון דער פלאך, אָדער זיי פארטיפן אין גרונד אריין, טיילט זיך אָפּ פון דער מאָלעריי אָט טאקי דערמיט, וואָס דאָ ווערט גענומען צו הילף די דריטע מאָס. מ׳דארף עס ריכטיג פאר־שטעהן: די מאָלעריי שטעלט אויך פאָר דעם הלל אין דער טיף, אָבער נאָר אילוזיאָניסטיש, ניט באריהרנדיג דערביי דעם מאָלגרונד אלס שטח. פּלאסטיק אבער גיט די טיף אין דער ווירקליכקייט, כאָטש אפילו — אינ׳ם רעליעף — ניט תמיד אין דער ריכטיגער אויסמעסטונג פונ׳ם פאָרגעשטעלטן געגנ־שטאנד.

אין אָט דעם איינעם פּונקט שטעהט די פלאסטיק, פאר אלעמען די רונד־פּלאסטיק, העכער פון דער מאָלעריי בנוגע דער ווירקליכקייט; זי טיילט מיט׳ן פאָרגעשטעלטן אָביעקט זיין רוימליכע עקסיסטענץ. עס זיינען געווען צייטן, ווי צום ביישפּיל די צייט פון קלאסיציסמוס באם סוף פונ׳ם 18־טן און אָנהויב פון 19־טן יאָרהונדערט, ווען א ביסל זיך שייענדיג פאר דער נאטור, האָט מען געוואָלט די דאָזיגע צופיל ווירק־ליכקייטס־נאָהנטקייט פון דער פּלאסטיק פון דער אנדערער זייט ווידער אויסגלייכן דורך דעם, וואָס מ׳האָט בא איר אוועקגענומען די פארב, אָדער מ׳האָט דורך טיפּיזירונג פאר־פרעמדט אירע געבילדן פונ׳ם אינדיווידועלן לעבן. מעהר נאַאיווע צייטן און פעלקער האָבן דוקא זיך געלאָזט פאקן פון אָט דער שטארקערער לייבהאפטיקייט. דער ווילדער שניצט זיין אָפּגאָט און ס׳דאכט זיך אים דאן, אז ער איז באגאבט מיט א צויבערקראפט. דער עגיפּטער האָט געטאָקט די סטאטוע פונ׳ם פארשטאָרבענעם אין הארטן שטיין, כדי די נשמה זאָל האָבן א זיכערע וואוינונג, ווען זי וועט ווידער זיך צום גוף אומקעהרן.

אויך דער נאטוראליזמוס אין די פארגאנגענע צייטן האָט זיך באדינט צומאָל מיט דער פלאסטיק רירעוודיגער ווי מיט דער מאָלעריי. אָפטמאָל האָט די דאָזיגע טענדענץ געפיהרט ביז צו א לייכט איבערגעארבעטן אפּגוס לויט דעם מענשליכן פנים (די עגיפּטישע גיפּס־מאסקעס פון תל־עמרנא, די טויטן־מאסקעס פונ׳ם קוואטראָצשענטאָ) אָדער גאָר צו געשטאלטן מיט ריכטיגער באקליידונג (די באראָקער סקולפּטורן פון שפאניען). פאנאָפּטיקום־ווירקונגען? — די אנגסט פאר דער פאנאָפּטיקום־ווירקונג, וועלכע פארפאָלגט אונז זייט דער קלאסיציסטישער עסטעטיק, איז אין די פריערע צייטן נאָך ניט באקאנט געווען. און מיט רעכט. דען פּונקט אזוי וועניג ווי די ווייטקייט פון דער נאטור שאפט שוין קונסט, אזוי איז אויך די נאָהנטקייט צו דער נאטור, און מעג זי נאך ווי סאמע נאָהנט זיין, ניט קיין צווינגענדיגע סבה צו אומקונסט. דאָס אנטשיידנדע איז דאָך שטענדיג נאָר, אז דאָס פאָרגעשטעלטע שטיק נאטור זאָל זיין דורכגעוועהט מיט׳ן הויך פון א איינהייט־ליכער נשמה־שטימונג. אָט די דאָזיגע פאָדערונג דערפילט שוין די נאטור גופא אין איינצלנע עקזעמפלארן אויף אזוי פיל, אז ס׳איז נייטיג דערנאָך נאָר קליינע צוגאבן, כדי זי אין קונסט צו פורעמען.

איבער אָט דער אידעאליסטיש געמילדערטער אָדער נאטורא־ליסטיש פארשטארקטער לייבהאפטיקייט פונ׳ם פלאסטישן געבילד, איז זיין דריי־דימענזיאָנאלע טבע גורם נאָך א ווייטערע, פון דער מאָלעריי אָפּגעזונדערטע ווירקונג. דאָס פלאסטישע ווערק לאָזט זיך ניט נאָר זעהן מיט׳ן אויג, נאָר אויך אנ־טאפּן מיט די הענד, בשעת די מאָלעריי רעדט נאָר צום אויג. מ׳מוז איינמאָל האָבן אָנגעטאפּט מיט די פינגער די צארטע הויבונגען און זינקונגען פון א פרויען־קערפּער, אַזוי ווי די גריכן האָבן אים פארשטאנען צו טאָקן, מ׳מוז האָבן גע־נומען אין האנד, און אין די הענד ארומגעדרעהט, א אלטער־טימליכע טעראקאָטע, א רענעסאנס־סטאטועטע, א פאָרצלאן־פיגורעלע, אין וועלכע ס׳איז דאָ אזוי פיל לעבן אויף אַזאַ ענגען שטח, מ׳מוז האָבן געפיהרט מיט דער האנד איבער׳ן קוים באמערקבארן רעליעף פון א פראנצויזישן מעדאיל, — כדי צו וויסן, וואָס פאר א גענוס מ׳האָט פון אָט דעם טאפּן פלאסטישע פאָרמונגען.

דאָרט וואו די פלאסטיק איז צוליב ווייטקייט אָדער הויכקייט ניט אָנצוטאפּן, ווערט דער חשק דערצו פון דעסטוועגן אויפ־געוועקט, און דאָס אויג נעמט דאן איבער די ראָלע פון דער האנד; דער באטראכטער לעבט איבער, וועניגסטענס אין דער פאנטאזיע, דעם תענוג פונ׳ם באטאפּן. אַזוי ארום ווערט די דריי־דימענזיאָנאליטעט פונ׳ם פלאסטישן געבילד דערהויבן פון א בלויזן פאקט צו א קינסטלערישער אויפגאבע; זי מאכט אויס אין אמת׳ן דאָס רעכטע אייגנטליכע לעבן פון דער פּלאסטיק, און ס׳וואָלט געהייסן אָנגעטראָפן אויף א טויטן פּונקט, ווען מ׳זאָל קומען אויף א שטעלע, וועלכע האָט ניט קיין אָנרעגונגסקראפט פאר אונזער חוש המישוש.

דאָס דארף מען באז נדערס אונטערשטרייכן דערפאר, ווייל אדאָלף הילדעבראנד אין זיין „פּראָבלעם פון דער פאָרם״, שפּירט דאָס קובישע פון דער פלאסטיק — אַזוי ווי יעדעס קובישע, און אויך דאָס פון דער נאטור גופא — אלס עכּיס אזוינס, וואָס קווילט, פון וואָס דער סקולפּטאָר מוז זיין ווערק באפרייען. „אזוי לאנג ווי א פלאסטישע פיגור — שרייבט ער — פיהלט זיך אין ערשטער ליניע אלס א קובישעס, איז זי נאָך אין דער התחלה פון איר געשטאלטונג; ערשט ווען זי

ווירקט אלס פלאכעס, כאָטש זי איז באמת גאָר קוביש, געווינט זי א קינסטלערישע פאָרם, ד. ה. א באדייטונג פאר דער גע־זיכטס־פארשטעלונג". פאר אים באשטעהט די אויפגאבע פון יעדער בילדנדער קונסט אין דעם, אז זי זאָל אזעלכע קלאָרע געזיכטס־פאָרשטעלונגען פארמיטלען. „פאר דער בילדנדער קונסט האָט יעדע רעאליטעט נאָר אזוי ווייט א באטייט, ווי ווייט זי מאניפעסטירט זיך אינ׳ם אָפּטישן בילד." אויף אזא אופן מוז אויך די פלאסטיק „שטאנד האלטן אלס אָפּטישער איינדרוק, ד. ה. אויף אזא מרחק, בא וועלכן ס׳איז מעגליך א איינהייטליכער אָפּטישער איינדרוק." אין דעם דאָזיגן געדאנקן-גאנג, שיינט מיר, איז אויסגעמישט ריכטיגעס און פאלשעס. ריכטיג איז דאָך געוויס, — כאָטש גראָד אויף אָט דעם פונקט קריגן אלע, — אז די פלאסטיק, בא איר גאנצן אויף און אָפּ, פאָר און צוריק, דארף זי דעם באקוקער ניט ארומיאָגן ארום זיך נאָר אים געבן די מעגליכקייט פון א רוהיגער באטראכטונג. די דאָזיגע רוה דארף געוויס ניט זיין שטענדיג א פיזיאָלאָגיש שטילשטעהן פון די אויגן. אודאי זיינען פאראנען פלאסטיקן, וועלכע עפענען פאר אייך אזוי קלאָר איין הויפּט־אָנבליק — צי דורך דער דייטליכער אויפראָלונג פון אלע גלידער־מאסן, צי דורך דער קלאָרקייט און שעהנקייט פון א באשטימטן סילועט, — אז דער קוק אייערער, ווען ער האָט איינמאָל דעם דאָזיגן אָנבליק געפונען, בלייבט ער שוין באפרידיגט אויף אים שטעהן. אָבער פונקט אזוי זיינען פאראנען פלאסטיקן, צום ביישפּיל אינ׳ם באראָק, וועלכע לאָזן זיך ניט אזוי איינדייטיג אָנקוקן, פאר וועלכע דאָס אויג פאלט אריין אין לייכטע וואקלונגען, אָדער עס ווערט לאנגזאם גאָר ארומגעפיהרט איבער דער פיגור, ווייל עס ציהט זיך פון איין ערשיינונג צו דער אנדערער. אָבער אויך די דאָזיגע באטראכטונגס־וויזע דארף ניט ווערן א לחלוטין אומרוהיגע; דאָס הויכע גליק, וואָס די בילדענדע קונסט איז ביכולת צו געבן, מוז אין גרויסן גאנצן פאָרט דער־האלטן ווערן.

הילדעבראַנדס טעות, שיינט מיר, ליגט פיל מעהר אין דעם, וואָס ער זעהט דעם קוביק פונ׳ם פלאסטישן געבילד כסדר נאָר אלס עפיס א צרה׳דיגן הכרח, וועלכעס מ׳מוז גובר זיין, כדי פון אים ארויסצוקריגן דעם שיין פון דער פלאך, קיינמאָל אָבער זעהט ער אין אים נ ט א זאך, וואָס האָט פאר זיך אליין א ווערט און וואָס איז כדאי דעריבע" צו אים צו שטרעבן. ס׳איז בא מיר טאקי קיין ספק ניט, אז אויך פון אזא נעגירן דאָס קובישע קאָנען ארויסקומען געהאלט-פולע פלאסטישע ווערק. הילדעבראַנדס אייגענע שאפונגען, אָדער די קלאסיציסטישע סטאטועס פון א קאנאָווא, פון א טאָרוואלדסן, געבן דערצו גענוג באווייזן, און ד. הויך־גאָטישע פלאסטיק האָט צייטנווייז אנט־וויקלט נאָך א פלאכיגערן סטיל, בא וועלכן די פיגור מיט א עלאסטישער סילועטע שרייבט זיך אריין אויפ׳ן גלאטן שטח. אָבער א זעלכע צייכנערישע טענדענצן אנטפלעקן ניט דעם פול-בלוטיגן פלאסטיקער. יענער וועט, להיפך, זוכן די טיף, און מעגליכסט מיט אזא עלעמענטארער קראפט, ווי מ׳זעהט זי אויף דעם טאָרזאָ פונ׳ם בעלוועדער.

מ׳קאָן נאָכפאָלגן בא מיקעל אנדזשעלאָ, וועלכער האָט דעם דאָזיגן טאָרזאָ ליב געהאט, ווי אזוי ער טרייבט ארויס פון זיינע סטאטועס יעדע פלאכיקייט. עס בלייבט באלד קיין איינציג גליד, וואָס זאָל זיך איינשטעלן פּאַראַלעל צו די אויגן פונ׳ם באקוקער; אלעס רוקט זיך אָפּ צוריק, אָדער שטארצעט ארויס אויף פאָרנט, דרעהט זיך אוועק, אָדער קומט אונז אנטקעגן. כדי בא אזא שטענדיגער אקס־אומדרעהונג צו זיכערן פאר זיינע פיגורן די רוהיגע בילדהאפטיקייט, האָט מיקעל אנדזשעלאָ ניט אָנגעהויבן צו שלאָגן דעם מארמאָר פון אלע זייטן מיט אמאָל, נאָר ער האָט שיכטווייז אריינגעדרונגען פון פאָרנט אויף הינטן און אויף אזא אופן באפרייט די פיגור פון דער איבריגער מאסע, אקוראט ווי — דער פארגלייך שטאמט פון וואַזאַרי — מ׳וואָלט אין דער וואנע, וואו עס ליגט א מענש, לאנגזאם אָפּגעלאָזט דאָס וואסער, און נאָר זעהר פאמעליך פריי געמאכט דעם מענשליכן קערפער. אויף אזא אופן האָט ער בא יעדער מדרגה פון זיין ארבעט געהאט א בילדמעסיגן אָנבליק פון איר ווירקונג.

אויב הילדעבראנד באנוצט זיך מיט אָט דעם ארבעטס־פּראָצעס פון מיקעל אנדזשעלאָ אלס א שטיצע פאר זיין לעהרע, האָט ער אין דער האנד נאָר איין זייט פון דער מטבע, די בילדהאפטיקייט, אָבער ניט די צווייטע זייט — דעם ארויסשפּאָרנדן קוביק. גראָד אין דער פאראייניגונג פון ביידע טענדענצן, אין דער ענערגישער אריינדרינגונג אין דער טיף פון איין זייט און אין דער בילדמעסיגער פלאכיקייט פון דער אנדערער זייט שיינט מיר, אז עס ליגן די הויך־פונקטן פון פלאסטישער געשטאלטונג.

אויך די מאָלעריי האָט די מעגליכקייט פון אזא עקסטרעמער צושפּיצונג פון די געגנזאצן אין רוים און אין פלאך. דען ווי טיף אפילו די מאָלעריי זאָל געבן אילוזיאָניסטיש דעם רוים, וועט א גוט בילד דאָך עפיס דערהאלטן פון זיין פלאכן־כאראקטער. די דאָזיגע פלאכיקייט דארף ניט ליגן אין א גלאט־שטח׳דיקייט פון די פאָרגעשטעלטע געגנשטאנדן; שוין די פארב גופא קאָן, ניט קוקנדיג אויף דער גאנצער געגנ־שטענדליכער טיף, אָפּהיטן דעם כאראקטער פון דער בילד־פלאך. איז דען בכלל דאָס קאָמפּאָנירן מיט דער פארב ניט טאקע דאָס זוכן פון אנ׳אויסגלייך, פון רעכטס אויף לינקס, פון אויבן אויף אונטן, אלזאָ א אָרגאניזירונג פון דער פלאך? אויף אזא אופן קאָן די פלאסטיק, ווי די מאָלעריי, לאָזן איבער־לעבן אין דער זעלבער צייט אויך דעם רוים און אויך די פלאך, — ניט מעהר, אין דער מאָלעריי איז די פלאך דאָס געגעבענע און דער רוים איז דאָס נאָר פאָרגעטוישטע, בשעת אין דער פלאסטיק איז די דריטע דימענזיאָן דאָס געגעבענע און דאָס פלאכן־בילד איז נאָר שיינבאר. און וויפיל ס׳זאָל ניט גע־וואונען ווערן פון דער פלאך־פאָרשטעלונג, וועט פון דעסט־וועגן אין יעדער פלאסטיש געפילטער סקולפּטור די טיף שטענדיג מוזן ווייטער ווירקן אלס לעבעדיגסטע קראפט. וואָס שטארקער דער געגנער, אלץ גרעסער דער נצחון און דער באקוקער געניסט דעמאָלט, אויפגערעגט און צוגלייך געשטילט, דעם תענוג פון אָט דעם קעמפנדן שפּיל, פון אָט דער באַרוהיגטער ענערגיע.

פּראָפ. פראנץ לאנדסבערגער



חנה אָרלאָוו | פּאַריז | סקולפּטור

פונ׳ם זשורנאַל „זשאַר פּטיצאַ״ נ׳ 10. מיט ערלויבעניש פונ׳ם פארלאג „רוסישע קונסט״

H. ORLOVA | PARIS | SCULPTURE

REPRODUCED FROM JAR PTITZA, 1923, No. 10. BY KIND PERMISSION OF THE RUSSIAN ART PUBLISHING CO.



אָסקאַר מיעשטשאַנינאָוו
OSCAR MIESTCHANINOV

פּאַריז
PARIS

דער ביוסט פון הערן ח.
BUST OF M. CH.

# די פּאַריזער גרופּע

די פּאַריזער גרופּע פאַרנעמט זיך ניט מיט
חנוכה־לעמפּליך־פּלאַנען, זי פאַרמעסט זיך אויף
גרויסער קונסט, אויף מאָנומענטאַלע סקולפּטור.
מ׳קאָן טעאָרעטיזירן וועגן אַנטיקער פּלאַסטיק,
וועגן מיכל־אַנזשעלאָס באַראָק־סטיל, וועגן דעם
קוביזם אין דער מאָדערנער קונסט — און
זוכן אילוסטראַציעס צו די געדאַנקען וועגן
אָט די זאַכן אין די ווערק פון א חנה אָרלאָוו,
א לוטשאַנסקי און זייער חבריה. א צוזאַמענהאַנג
צווישן דיביידע עקסיסטירט שוין. די יידישע
קינסטלער אין פּאַריז האָבן אים באַשאַפן. אָט
איז מעשטשאַנינאָוו, ער קומט פון דעם דעקאָ־
ראַטיוו־פלעכיגן סטיל. זיין צאַרטער פרויען־
קערפּער (זייט 12) באַוועגט זיך אין א רוהיגער פלאַך,
דאָס אויג כאַפּט אויף מיט איין־איינציגן איינדרוק.
ברוסט און אָרימס, שאַנקל און פיס צוזאַמען.
די פלאַכע דראַפּערי, וועלכע איז נאָר לינעאַר
געגלידערט דורך די פאַלדן און פאַרלאַנגט ניט
קיין אָפּנייגונג פון׳ם בליק צו דער טיף־צו־
העלפט פון איר זייט צום פיקסירן פון׳ם אָפּטישן
בילד אין דער פלאַך. דאַגעגן איז אינדענבוים׳ס
טאָרסאָ (זייט 13) בא דער גאַנצער רוהיקייט, מיט

וועלכער אויך ער צייכנט זיך אויס, שוין פיל געשפאנטער און בארעכנט אויף א מעהר אינטענסיווערע, קערפערהאפטערע, פלאסטישערע ווירקונג.

אנ׳אנדער פאָר צום פארגלייכן: מעשטשאַנינאָוו׳ס ביוסט פון הערן ח. און לוטשאנסקיס קאָפּ. בא מעשטשאנינאָוו — דער פליכטיגער, פארביי־לויפנדער איינדרוק פון א געזיכט, די אויגן געגעבן מעהר דורך שאטירונג, איידער דורך מאָדעלירונג פון די ווירקליכע פאָרמען, דאָס מויל נאָר אזוי אָנגעשטריכן, די גאנצע אויבערפלאך פון דער סקולפּטור באוועגט פון אומבאשטימט פארלויפנדיגע פלאכן, א שפּיל פון שעמערירנדיגן ליכט, וואָס ווערט פארשוואומען אינ׳ם האלב־טונקל. בא לוטשאנסקין — די פאָרם אנטשידן ארויסגעארבעט, דאָס אויג קיילעכיגט זיך, די ליפּן צוויי אָנגעשלאָגענע קישנס, די נאָז — א קערפערהאפטיגע פליישיגע נאָז — עפּיס גשמי׳דיג אָנצוטאפּן. מ׳ועט זאָגן: יאָ, דאָ האָט מען פאר זיך פּשוט צוויי גאנץ פארשיידענע טיפּן פון מענשן, א נערוונדיגן קאָפּ פון א גייסטיג קאָצענטרירטן בא מעשטשאנינאָוו׳ן און א מעהר עולם־הזה׳דיגן בא לוטשאנסקין.

חנה אָרלאָוו׳ס פלאסטיק (זייט 17) באווייזט, אז די דאָזיגע ערקלערונג איז ניט גענוג. סוף כל סוף איז עס פאָרט א פראגע פון לעבנס־געפיהל, פון דער אַרט זעהן און פיהלן, וועלכע באשטימען אויך די וואהל פונ׳ם אָביעקט, ריכטיגער געזאָגט: ניט די וואהל, נאָר די אינטערפּרעטאציע. עס האנדלט זיך דאָ אלזאָ הויפּטזעכליך וועגן סטיל און ניט וועגן דעם אָביעקט. חנה אָרלאָוו האָט אויך געגעבן א דורכאויס אינ־עלעקטועלן קאָפּ, א זעלכן, וואָס געהערט צו דער קאטעגאָריע־נערוויגע, שמאָל־שטערנדיגע, לאנג־געצויגענע קעפּ, פּונקט אזוי ווי דער, וועלכן ס׳האָט פאָרטרעטירט מעשטשאנינאָוו. אויך מיט א לאנגער שמאָלער נאָז, מיט טיפע באשאָטנטע אויגן צווישן שמאָלע וויעס. פון דעסטוועגן ווירקט דער אָרלאָווס קאָפּ אויסדריקליך פלאסטיש. די פאָרם איז ענערגיש ארויסגעארבעט, אין ערגיץ ווערט זי ניט ווייך פארפליסנדיג און מטושטש. ליכט און שאָטן זיינען שארף אָפּגעשיידט. דאָ איז א קינסטלער בא דער ארבעט, וועלכן ס׳געהט דער עקר וועגן דער פלאסטישער פאָרם און ניט וועגן א פלאכנהאפטיגן איינדרוק.



LUTCHANSKI
BUST
PARIS

לוטשאַנסקי
ביוסט
פּאַריז



גאָלד־גלאָז
SPECIMEN OF THE *FONDI D'ORO*
REPRODUCED FROM GARRUCCI, STORIA DELL' ARTE CRISTIANA

# יידישע גאָלד־גלעזער

דאָס ערשטע קאַפּיטעל איז ערשינען אין העפט 5

ב

די גאָלד־גלעזער מיט פאָרשטעלונגען פונ׳ם סינאַגאָגאַלן קולט קענען מיר צומייסטן פון די בילדער אינ׳ם מאָנומענטאלן ווערק פון גאַררוטשי Storia dell' arte Cristiana. די דאָזיגע שטיק געפינען זיך אין די בערלינער און לאָנדאָנער מוזעען, און אויך אין פּאַריז און אין רוים; זיי שטאַמען צומייסט פונ׳ם קונסטהאנדל און דעריבער ווייסט מען גאָר ניט גענויעס וועגן זייער מקור. דער קרייז פון די פאָרשטעלונגען איז כמעט שטענדיג דערזעלבער. בא אונזער אָפּבילדונג אויבן איז די מיט פונ׳ם אָבערטייל פארנומען דורך א שאַפּע מיט א פראָנטאָן, וועלכע שטעהט אויף א פּאָדיום. עטליכע טרעפּ פיהרן צו דער אָפענער שאַפּע, וועלכע איז אינעווייניג געטיילט אין דריי פּאָליצעס, אויף וועלכע עס ליגן ראָלן פון ספרים. עס איז א ארון קודש און די ספרים זיינען ספרי־תורות, וועלכע פלעגן אין אלטע צייטן תמיד געהאלטן ווערן ליגנדיג. די דאָזיגע מעטאָדע שיינט אונז, וואָס מיר זיינען געוואוינט צו זעהן די ספרי תורה ש ט ע ה ע נ ד י ג, זעהר מערקווירדיג, אין אמת׳ן אָבער איז גראָד אָט דער דרך פיל צוועקמעסיגער און אויך אלע אנדערע אלטע פעלקער פלעגן זייערע ספרים האלטן ליגנדיג. פון ביידע זייטן פון ארון קודש זיצן צוויי פויגלען, דאָס איז אָדער א דעקאָראטיווע אויספילונג פונ׳ם לעדיגן אָרט, אָדער עס איז א סימבאָליש בילד פון דער פרידן־טויב, וועלכע באצייכנט דעם פרידן אין דיזן לעצטן רוה־אָרט פונ׳ם מענשן. יעדנפאלס קענען מיר דעם מאָטיוו פונ׳ם פויגל סיי פון דער דעקאָראציע אויף דער שוהל־טיר אין קעראַזע (אָפּגעבילדעט בא וואַטציגער) סיי פון דער מאָזאַיק אין דער שוהל פון נאַוואָ. ביידע זיינען אָהן ספק א אָפּשפּיגלונג פון אלטערטימליכע זשאַנר־בילדער, פון וועלכע די יידן האָבן זיי איבערגענומען. דאָס באווייזן צוויי מצבות פון די קאַטאַקאָמבעס אין מאָנטעווערדע בא רוים (געבראכט בא מילער־בעס), וועלכע שטעלן פאָר א פאמיליע פויגל ווי זיי פּיקן טרויבן. אמאָל טרעפט, אז מ׳גיט צו דעם דאָזיגן מאָטיוו עפּיס א סימבאָלישן זין. די קריסטליכע קונסט אין מזרח האָט צוגענומען אָט די ירושה פון די געצנדינער, און ווי מיר זעהן אויך פון יידן, און אנגעהויבן איר צוגעבן א באזונדערע באדייטונג.

די מיט פונ׳ם אונטערשטן טייל אין אונזער גאָלד־גלאָז פילט אָן הויפּטזעכליך די זיבן־רעריגע מנורה. דאָס איז א קאַנדעליאַבר, וועלכער איז באדעקט מיט פארצירונגען אין פאָרם ווי קליינע טאַפּליליך און וואָס זיין פוס שטעקט עפּיס אין א טייג־ארטיגן געבילד. אויף יעדן פון זיינע רערן שטעהט א ברענענדיג עהל־לעמפּל. פון ביידע זייטן פון דער מנורה שטעהן צוויי שפּרינגנדיגע לייבן, וואָס וועגן זייער סימבאָלישן באטייט איז איבריג צו רעדן, נאָכדעם ווי מיר האָבן אזוי פיל פסוקים, אין וועלכע עס ווערט גערעט פון דעם מלך פון די חיות אלס פון מאכט, קראַפט און שטאַרקייט. דעם פרייען שטח פילן אויס א פך־השמן, א לולב, א אתרוג, א שופר און קיילעכיגע פלאטשיגע געמוסטערטע ברויטן, וועלכע, לויט איך ווייס, זיינען ביז איצט נאָך קיינמאָל ניט דערקענט געוואָרן אלס מצות. די דאָזיגע סימבאָלן פון די יידישע ימים טובים געפינען זיך אויך אויף א סך יידישע מצבות, צום ביישפּיל אויף די, וועלכע ניקאָלאוס מילער האָט אויסגעפינען אין דער יידישער קאַטאַקאָמבע אויפ׳ן מאָנטעווערדע אין רוים. אויך די מצבה, וואָס איז געפונען געוואָרן אין מילעט, און די מצבה פון דער קאַטאַקאָמבע אין וויניאַ ראַנדאַניני, וועלכע געפינט זיך אין קאַיזער־פרידריך־מוזעאום אין בערלין טראָגן גלייכע אָדער עהנליכע מאָטיוון. מ׳קאָן גרייליך רעכענען, אז אונזער טיפן־שאַץ שטעלט פאָר א סימבאָליזירונג פון די יידישע ימים־טובים, די מצות אויף פסח, דער ארון קודש אויף שבועות (ווען די תורה איז געגעבן געוואָרן), דער שופר אויף ימים נוראים, דער לולב מיט דעם אתרוג אויף סוכות, די מנורה און דער פך־השמן אויף חנוכה (וועלכער איז אין יענער צייט געווען א גרעסערער יום־טוב ווי שפּעטער אין מיטל־אלטער, ווען ער איז אראָפּ צו דער מדרגה פון פּורים). אלע פּרובן אויסצוטייטשן די דאָזיגע מאָטיוון, ווי עפּיס א באזונדערע סעפּולקראַל־קונסט (די קונסט פון טרונעס און מצבות), אזוי ווי דאָס האָט געטון שמואל קרויס אין זיין מאמר „צו

דער קאַטאַקאָמבן־פאָרשונג (אין דער זאמלונג לכבוד פראָפ. בערלינער׳ס 70־יאָריגן יובילעאום. פראנקפורט דמאין 1903), זיינען דיקטירט פון א צופיל אפּאָלאָגעטישן גייסט. צו אנדערע רעזולטאטן קומט מען, ווען מ׳פארגלייכט גלייכצייטיגע סינאַגאָגאלע קונסט מיט די סעפּולקראלע געפונענישן. אָט וואָס וואטצינגער דערצעהלט וועגן דעם: „אין תל־עום, אויף דעם איבער־שטידל פון דער טיר, וועלכע מוז אודאי האָבן געהערט צום אויסנווייניגסטן הויף, און אויף א פריז־קאָפּ אין קעראזע, קאָן מען זעהן צוויי געקירצטע, איינע פון דער אנדערער פארשיידענע בילדער. אויפ׳ן ערשטן רעליעף זעהט מען א דאָפלטיר מיט ראמען און א פראָנטאָן איבער איר, וועלכע זעהט אויס ווי א בנין מיט געשלאָסענע טירן און מיט א אויפזאץ אין דער פאָרם פון א פראָנטאָן; דער רעליעף פון קעראזע שטעלט פאָר א קליינע עדיקולע, געטראָגן אויף זיילן און איבער איר א פראָנטאָן מיט א קאָנכע (מושל)". צו די דאָזיגע ביידע בילדער געפינט מען אַנאַלאָגיעס אויך אין אנדערע פאָרשטעלונגען פון ארון־קודש. אויף א מצבה פון דער קאַטאַקאָמבע אויפ׳ן מאָנטעווערדע איז פאָרגעשטעלט די פאָדערשטע זייט פון א שראנק פארצירט מיט א דרייעקיגן אויפזאץ, אין וועלכן מ׳קאָן דערקענען דורך די אָפענע טירן 6 פּאָליצעס. עהנליך צו דעם זיינען אָפּגעבילדעט די ארון־קודש׳ן אויף די יידישע גאָלד־גלעזער, אויך מיט אָפענע טירן, נאָר אויף די פּאָליצעס ליגן ספרי־תורה׳ס. די מנורה, וועלכע קומט פאָר אין די שוהלן נאָר אויפ׳ן אויבערשטןביישטידל פון עין־נברטין, איינגעראמט אין א קראנץ, איז געוואָרן דער צייכן פון׳ם יידנטום. איר באטייט איז כמעט אזוי ווי דער באטייט פון׳ם צלם בא די קריסטן. מ׳געפינט זי אויף יידישע מצבות, סאַרקאָפאַגן, אויף די ווענט פון קאַטאַקאָמבן, איבער די טירן פון יידישע הייזער און שוהלן, און נאָך היינטיגע צייטן אז מ׳זעהט זי אויסגעמאָלט אויף די טירן אָדער אויף די ווענד פון הייזער, באזונדערס אין מאַחמעדאַנישע און קריסטליכע ערטער, איז דאָס א סימן, אז דער בעל־הבית פון דעם בנין איז א ייד. דערביי שפילט אויך מיט דער געדאנק, אז דאָס דאָזיגע הויז, אָדער דער דאָזיגער קבר געפינט זיך אונטער גאָטס־שוץ. דאָ ווערט אָבער ניט געדאכט אָן דער מנורה פונ׳ם בית־המקדש, וועלכע טיטוס האָט נאָכ׳ן חורבן געבראכט קיין רוים, נאָר אָן דעם זיבן־רעריגן לייכטער פון דער שוהל. דערפאר געפינט מען קיינמאָל ניט אויף די אָנגערופענע דענקמאָלער די מנורה אין יענער אויסשטאטונג, וועלכע איז געגעבן אין חומש (שמות כ"ה, ל"א און ווייטער) פאר דער מנורה פונ׳ם בית־המקדש, און אויך קיינמאָל ווערן ניט פאָרגעשטעלט די אנדערע בית־המקדש זאכן, ווי למשל, דער ארון הברית און דער שולחן לחם הפנים, וועלכע האָבן זיך אין די שוהלן ניט געפינען. דעריבער דארף מען אויך אלע אנדערע דעקאָראציעס, וואָס טרעטן אויף אין די פארצירונגען פון די אלטע גליל׳שע שוהלן, אָננעמען אלס אינווענטאר פון די שוהלן און ניט פונ׳ם בית־המקדש.

פון די שוהל־כלים, וואָס זיינען פארבונדן מיט דער מנורה, איז אין די גלילשע שוהל־דעקאָראציעס פאָרגעשטעלט נאָר דער פך־השמן (עהל־קריגל). דען אזוי דארף מען אויסטייטשן יענע וואַזע אין דער פאָרם פון א קראַטער מיט אויערן, — וועלכע איז אויסגעמאָלט אין דער מיט אויף דעם זייטן־ביישטידל פון אום־אל־אַמעד און אין שירבעט סעמאַקא.* די עהל־געפעסן אויף די יידישע גאָלד־גלעזער זיינען מעהר בייכיג און האָבן א ענגן האלז און צוויי אויערן; אויף יידישע מצבות אין דער קאַטאַקאָמבע פון מאָנטעווערדע זיינען די דאָזיגע געפעסן געוועהנליך מיט איין אויער און מיט א ענגן האלז, וועלכער איז זעהר צוגעפאסט אלס עהל־באהאלטער.

פונ׳ם לולב, אתרוג און שופר האָט זיך ביז אהער ניט געפונען קיין אָפּבילדונג אין די אלטע שוהלן, די פאלמען, וואָס שטעהן, למשל אויף דעם אייבערשטן ביישטידל אין תל־עום זיינען לגמרי ביימער. דאָס זעלבע איז אויך מיט די בילדער אויף מטבעות. כפי די מנורה קומט פאָר כמעט אויף אלע יידישע מצבות מיט פארצירונגען, דארף מען אפשר אָננעמען, אז זי איז דער אָנהויב פונ׳ם גאנצן טיפן־אוצר און צו איר זיינען צוגעקומען שפּעטער די איבריגע סימבאָליזירונגען פון די יידישע ימים־טובים.

אייניגע גאָלד־גלעזער אונטערשיידן זיך דערמיט, וואָס די מנורה קומט פאָר אויף זיי צוויי־מאָל, ווי ס׳ווייזט אויס איז דאָס געמאכט געוואָרן צוליב דער סימעטריע. די גאנצע געשטאלטונג פון די דאָזיגע גלעזער איז אויך הארטער אין דער אומראהמונג, ווייניגער רייף אין דער אויספיהרונג. זי ווייזט אויף א מעהר אקאדעמישע סטיל־בילדונג. די לייבן מאכן, אין געגנזאץ צו די פלאַטע צייכנונגען אויף אונזער אָפּבילדונג, א זעהר טרויריגן איינדרוק, און די מנורות זיינען אין די טעכנישע פרטים אָדער ניט ריכטיג פארשטאנען, אָדער סכעמאטיש פאראיינפאכט.

א נייעם, און פאר אונזערע קענטנישן פונ׳ם יידנטום און פון דעם אלטן קריסטנטום באדייטונגס־פולן שנוי געפינען מיר אין צוויי גלעזער, פון וועלכע איינע געפינט זיך אין קאיזער־פרידריך־מוזעאום אין בערלין, די צווייטע אין דער ביבליאָטעקאַ וואַליצעלאַ אין רוים. דאָס בערלינער שטיק האָט אין אויבערשטן טייל די זעלבע בילדער, ווי דער פריער דערמאָנטער טיפּ, אין דעם אונטערשטן טייל אָבער געפינט זיך א בייכיגער טעלער, אין וועלכן עס ליגט א פיש. ארום דער כלי ציהט זיך איין האַלבקרייז, וועלכער איז צום טייל דער־האלטן געוואָרן, א געקנייטשט קישן, אָהן ספק איז דאָס די באקאנטע שפייז־סאָפא פון אלטערטום (Stibadium). דאָס באצייכנט דעם פיש אלס יום־טוב מאָהלצייט, און א פּאָר רעכטס און לינקס פארשפרייטע בלאט־מאָטיוון באטייטן געוויס דעם אויפפוץ פון דער עסשטוב; דער דאָזיגער אויפפוץ קומט פאָר נאָך רייכליכער באם אנדערן שטיק, אויף דעם גאָלד־גלאָז פון דער ביבליאָטעקאַ וואַליצעלאַ אין רוים, וואו ער איז פאָרגעשטעלט דורך גירלאנדן. אחוץ דעם זיינען די בילדער־פארצירונגען די זעלבע אויף דעם רוימישן, ווי אויף דעם בערלינער שטיק, און אינטערעסאנט איז אויך בא ביידע די אויפשריפט Ci bibis cum Eulogia comp[ari], צוליב דעם ביטע־וואָרט „Eulogia" וואָס זיין טייטש האָט אונז שוין באשטעטיגט בא דער גלאָז מיט׳ן בילד פונ׳ם בית־המקדש. דער נייער מאָטיוו פונ׳ם פיש איז ניט, ווי גאַרוטשי האָט נאָך געמיינט, גענומען פון די אלטערטימליכע סעודה־מנהגים, נאָר פיל מעהר פון די יידישע שבת־מאכלים. לויט שעפּטעלאָוויטש אין זיין בוך: „דער פיש־סימבאָל אינ׳ם יידנטום און

* זעה: קאָהל וואַטצינגער: „אלטע שוהלן אין גליל", בילדער 142 און 276.

קריסטנטום״ (אין ארכיוו פאר רעליגיאָנס־וויסנשאפט XIV,1911)
האָט נאָך פערסיוס געוואוסט, אז דער פיש איז א יידישער
שבת־מאכל, „ער שילדערט אין די סאַטירעס (V, 180—184)
א יידישן יום־טוב, וואָס הויבט זיך אָן אין אָבענד, און אין
וועלכן, לויט די תלמוד־פאָרשריפטן, די אָנהענגער פונ׳ם
יידנטום באלייכטן זייערע צימער מיט פיל ליכט, צום טיש
שטעלן זיי וויין, און דער גרויסער עק פונ׳ם פיש פילט אָן די
גאנצע רויטליכע שיסל. מ׳מורמעלט מיט די ליפּן עפּיס
א געבעט און מ׳עהרט מיט גרויס כבוד דעם יידישן שבת״.
לויט׳ן תלמוד האָט מען אין די פייערטעג געמוזט עסן לפחות
צוויי מאכלים, פון וועלכע איינס איז געווען פיש; עס ווערט
אויך דערצעהלט פון א צדיק, רבי יוסף, אז ער פלעגט די
גאנצע וואָך גרייטן דעם שענסטן פיש אויף שבת. אויפ׳ן
יסוד פון אָט די עדות׳ן מעג מען דערמיט רעכענען, אז אויף
די גאָלד־גלעזער איז דער שבת סימבאָליזירט דורך זיין הויפּט־
מאכט, דורך דעם טראדיציאָנעלן מאכל־דגים. דאָס וואָלט
געווען א פארברייטערונג פון די מאָטיוון, לויט ווי מיר האָבן
פריער געפּרובט דערקלערן די סימבאָליזירונג פון די ימים־
טובים. דאָס בילד גופא, אויב אפילו ס׳האָט א שייכות מיט
אלטע זשאַנר־געמעלעריי, קאָן עס אָבער, לויט דער אידעע,
צום טייל וואָרצלען אין די אלגעמיינע סעמיטישע פאָרשטעלונגען
און צום טייל, דורך דער סינקרעטישער השפעה פון די געצנ־
דינערישן קולטן, האָט עס אפשר באקומען אנ׳אנדער באטייט,
אָדער זיין באטייט פארברייטערט. עס בעט זיך אליין א פאר־
בינדונג צווישן אָט דעם טעלער מיט׳ן פיש און דעם מאכל־לויתן,
וואָס איז אָנגעגרייט פאר די צדיקים לעתיד לבוא, אלזאָ מיט
דער צייט פון משיח. און אזוי ווי אָפט, האָט אויך דאָ דאָס אלטע
קריסטנטום גענומען זיין אנטוויקלונג דירעקט פונ׳ם יידנטום,
אזוי אז מ׳קאָן קוים געפינען צווישן זיי א שארפע שיידונגסליניע.

דער פּרוב ארויסצורוקן אויף דער ערשטער שורה ניט
דעם סעפּולקראלן, נאָר דעם סינאגאָגאלן זין פון די בילדער,
איז זעהר פאַרשטענדליך, ווען מ׳נעמט אין אכט דעם סינא־
גאָגאלן כאראקטער פונ׳ם יידישן לעבן אין גלות. דער דאָזיגער
אופן צו ערקלערן דעם זין פון די געפונענע בילדער האָט
פאר אונז א באזונדערן ווערט, דען ער גיט אונז די מעגליכ־
קייט נאָכצופאָלגן דעם אנטוויקלונגסגאנג פון דער יידישער
גלאָז־מאָלעריי, פון די בית־המקדש־פאָרשטעלונגען ביז צו די
ימבאָלישע פאָרשטעלונגען פון די יידישע ימים־טובים.

ווי מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, געהערן אלע גאָלד־
גלעזער בערך צו דער צייט פונ׳ם 4־טן יאָרהונדערט; דאָס
זעהט מען פון א פארגלייך מיט די אלגעמיינע קונסט־שאפונגען
פון יענער צייט. זיי זיינען אָבער וועניג איינהייטליך און
דעריבער קאָן מען נאָך מאכן אין זיי א געוויסע גרופּירונג.
דאָס בילד פונ׳ם בית־המקדש צעפאלט זיך אויף א מנורה
אינ׳ם אונטערשטן טייל און א ארון־קודש אין אויבערשטן
טייל (זעה דאָס בילד אויף זייט 8 אין 5־טן העפט „מילגרוים״
דאָס זעלבע זעהן מיר אויך אויף דעם בילד, וואָס מיר
געבן דאָ אויף זייט 20) א ווייטערע פאַזע אין דער אנט־
וויקלונג איז די קאָמפּאָזיציע, וועלכע לאָזט דעם אויבערשטן
טייל אזוי ווי פריער, אין אונטערשטן טייל געהט זי שוין
אָבער מעהר סימעטריש און שטעלט אוועק צוויי מנורות.
נאָך א ווייטערע מדרגה פארנעמט דעם אונטערשטן טייל מיט׳ן
פיש־טעלער און דיביידע מנורות שטעלט זי אוועק אויבן,
פון ביידע זייטן פונ׳ם געביי. דאָס דאָזיגע בילד, וועלכעס
איז רעפּראָדוצירט בא גאַראָטשי, (טאָוול 490, נומר 3) האָט
זיך שוין שטארק דערווייטערט פונ׳ם טעמפּל־טיפּ און דערפאר
דארף מען עס אוועקשטעלן אין דער לעצטער שורה; עס
באווייזט זיינע סימבאָלן סיי פאר די ימים־טובים, סיי פאר׳ן
שבת. נאָך א ווייטערע פארפאָלקאָמענהייט האָט אונזער
לעצטער טיפּ דורכגעמאכט מיט דעם, וואָס ער איז נאָך מוסיף
דעם פארקאטשעטן פרוכת באם ארון־קודש, וועלכער הענגט,
אזוי ווייט ווי ס׳לאָזט זיך דערקענען, אין ארון־קודש פון
אינעווייניג (אזוי ווי נאָך היינט בא די ספרדים). אויך די
פאראיינפאכונג אינ׳ם בילד פון דער מנורה האָט בא די גלעזער
מיט׳ן פיש שוין דערגרייכט א גרויסן פאָרטשריט, וועלכער
זאָגט עדות, אז אונזער שטיק שטאמט שוין פון א שפּעטערער
צייט.

אויב די האנדווערקמעסיג געמאכטע יידישע גלעזער קאָנען
זיין נאָר באשיידענע עדות אויף דער יידישער קונסט אין פאר־
גאנגענע צייטן, געבן זיי אונז דאָך א פולע אָנרעגונגען און
באלעהרונגען וועגן דעם, ווי אזוי אונזערע עלטערן האָבן
געדענקט. דאָס איז פאר אונז באזונדערס ווערטפול, ווייל עס
דערצעהלט אונז וועגן א צייט, פון וועלכער מיר האָבן אחוץ
דעם נאָר זעהר קנאפּע ידיעות, די צייט פון איבערגאנג צום
מערב־אייראָפּעאישן גלות־יידנטום, וועלכע האָט פאר אונז
דעם גרעסטן ווערט.

ש. טעפּליץ

# א שאַלה

אברהם האָט אליין ניט געוואוסט ווי רייך ער איז. די בהמות, וואָס האָבן זיך ארומגעדרעהט אויף די אָפּגעצוימטע לאָנקעס, האָבן זיך כמעט יעדעס יאָר באם צעהלן געדאָפּלט. שטיקער לאנד זיינען צוגעקומען — געבראכט מיט זיך פרישע הענט און אין הויף האָט מען פון באגינען ביז אָווענט שווער געארבעט, זיך געווייקט אין שווייס.

אברהם האָט ניט געׄרוהט, זיך ניט געקענט פארלאָזן אויף איציקן, דעם ניט דערבאקענעם בן־יחיד. ער האָט א קוק געטון צו די בהמות, געשטאנען באם שניידן די תבואה, אריינגעאָטעמט דעם פרישן ריח פון דער שוימיגער מילך, אויפגענומען סוחרים. ער האָט אַויף א מינוט ניט ארויסגעלאָזט די לייצעס און געזעהן, אז אלע באשעפענישן אויף זיין פארם זאָלן געהן אין שפאן.

אברהם׳ס צעוואקסענער גוף, דער רויטער קארק, וואָס האָט זיך געהאלטן באם איבערלעגן, דאָס דורכגעבאקענע פנים מיט די רויטע אָדערליך — אלץ האָט ארויסגערופן דרך־ארץ. ער האָט ניט געקענט זעהן ווי מענשן זיצן לעדיג — זיינען די „הענט“ אונטער זיין בליק געוואָרן פלינקער, די באוועגונגען — ראשער.

ער אליין פלעגט זיך אוועקשטעלן מיט א קאָסע אויף דער לאָנקע, ארבעטן האנט אין האנט מיט די שניטערס, זיך פארגעסן אין דער ארבעט.

בלויז בא זיך אין הויז איז אברהם געווען שטיל. די דינסטן האָבן געמוזט געהן אויף די שפּיץ־נעגל, גערעדט מיט די ליפּן, ווי עס וואָלט געווען א חולה אין שטוב. אברהם׳ס ווייב, שרה׳לע, איז געווען א שוואכע, אנ׳אויסגעצערטע, שוין יאָרן געפּאָכט מיט דער נשמה. זי האָט יעדע ווײַלע אויסגעצויגן דעם לאנגן דארן האלז, וואו מען האָט געקענט ציילן די אויפגעצילעוועטע רייפלעך, ווי בא אנ׳אָפּגעצופּט העהנדיל, און א בלעכענער הוסט האָט געקארטשעט און געמאטערט דעם שוואכן גוף.

זי האָט פיינט געהאט טומל, געזעסן גאנצע טעג באם פענסטער, געקוקט אויף דער לאָנקע און אז זי האָט אמאָל דערזעהן ווי א האָהן שארט זיך צו א היהן, מאכט חנ׳דליך, האָט זי זיי ביידע פונאנאנדער געטריבן:

— א גראַרי הי׳ר! אוועק!

פון אויפרעגונג האָט זי זיך פארהוסט, זיך פארקליבן אויף דער וועראנדע, וואו די שנור האָט זיך געשפּילט מיט׳ן יאָריגן איי־ניקל.

אברהם, וואָס האָט געהאט אויף די פינגער דעם גאנצן הויף און אלע האָבן געציטערט פאר אים, האָט אין שטוב קיין הויך וואָרט ניט געקענט ארויסרעדן, זיך געפילט שלעכט מיט זיין געזונטן גוף. פון זוהן האָט ער קיין נחת ניט געהאט, זיך אויף אים ווייניג געקענט פארלאָזן. מיט׳ן ווייב איז ער געווען פון דערווייטנס, שוין יאָרן מיט איר ניט געלעבט. מיט אלע חושים איז ער געווען פארטאָן אין דער פארם, געווען אויף די פיס מיט׳ן טאָג צוגלייך, קיינמאָל ניט געוואוסט ווען די נאכט איז אוועק, זעלטן זיך אָפּגעגעבן דין וחשבון.

אזוי זיינען דורך יאָרן. אברהם איז רייך געוואָרן, זעהר רייך, האָט שוין ניט גענדארפט מעהר ארבעטן, זיך אָבער ניט געקענט מעהר העלפן, געארבעט ווי פריהער.

זייט אָבער די שנור איז געקומען אין הויף אריין, איז ער געוואָרן אומרוהיג. אנגעהויבן פריהער צו קומען פון פעלד, נאָכ׳ן עסן זיך פארמאכט אין קאבינעט, זיך איבערגעגעבן שלעכטע מחשבות. און זיי זיינען ניט אָפּגעטראָטן, אים באפאלן, ווי פאר׳עקשנ׳טע פליגן, זיך געריצט, וואָס ער פייניגט דעם גוף, וואס זיין פראצע, זיין עשירות, וועט אוועק מיט׳ן רויך. דאָס ווייב איז קראנק, שוין יאָרן קראנק — — —

אָפט, אז ער איז געריטן איבער די פעלדער, געזעהן ארום־זיך אזויפיל קיה, אזויפיל פערד און דאָס לאנד ציהט זיך אָהן א סוף, קרעכצט פון צופיל שפע, איז אים אייגעפאלן — אז ער איז אברהם, אז גאָט האָט אים געבענשט, ווייל ער געהט אין זיינע דְרָכִים, אז ניט בחנם הייסט דער זוהן יצחק, די שנור — רבקה.

פון די אומענדליכע פעלדער האָט זיך דערטראָגן א שטים, זיך געוויקלט ארום אים, איינגערוימט:

— אברהם, אברהם — — — איך האָב דיך רייך געמאכט — — — איך האָב דיך גרויס געמאכט — — — געה צו פרענקן, דעם שפעפער, נעם זיין דייזי׳ן פאר א קעבס־ווייב — — —

ער האָט אויפגעציטערט, געוואָלט פארטרייבן די בייזע מחשבות און אָפּגעשטעלט דאָס פערד בא א קליין הייזל:

— האָ — האָ — האָ!

דייזי א יונגע מולאַטקע, איז ארויסגעקומען, זיך פארנייגט פאר׳ן בעל־הבית:

— דער טאַטע איז אויף דער לאָנקע!

אברהם האָט לאנג געטראכט וועגן דייזי׳ן, געפּלאנט זי צו באזיצן אין וואלד, זיך געטרייסט, אז אלע אבות האָבן געהאט קעבס־ווייבער. דער געדאנק האָט זיך גערדרעהט בא אים אין מוח, אויסגעשפּינען א קרייז איבער א קרייז, א קרייז אין א קרייז, און אין דער מיט איז געזעסן דייזי איינגאנצן פון סאַמעט.

פון שטעדטל איז אָנגעפאָרן דער אלטער שוחט.

— ר׳ לאָזער, איר פאָרט צו מיר?

— יאָ, ר׳ אברהם!

— גוט, איך וויל טאקע מיט אייך עפּיס רעדן.

אברהם איז ארויף אויפ׳ן שוחט׳ס בריטשקע, צוגעבונדן פון הינטן דאָס פערד. דער שוחט האָט אָנגעשטעלט אנ׳אויער:

— לאָמיר הערן.
— איך מיין, בא יידן — — — היינט. מיין איך — — — — מעהר ווי איין ווייב טאָר א ייד ניט האָבן, האַ?
— ניין, ר׳ אברהם, מען טאָר ניט! וועגן וואָס האנדלט זיך?
— איך מיין, אז איינער האָט א קראנק ווייב, א שלאק־רירעקס, איז גאָר ניט — — — האלט זיך מיט׳ן פעקל!
— איך וועל אייך זאָגן, ר׳ אברהם — — — אז איינער האָט א קראנק ווייב און די קרענק איז ניט היילבאר, געפינט מען בא די אחרונים אין שאלות ותשובות, אז מען מעג זיך נעמן א פלגש — — מען געפינט עס אפילו בא ר׳ יעקב עמדן — —
— אז—זוי! — האָט אברהם געעפנט א פאָר אויגן, אז דער שוחט האָט זיך אזש אָפּגערוקט.
אברהם איז אהיים געקומען אנ׳אויפגעלעגטער.
— וואָס אזוי שפעט? — איז דאָס ווייב אים אנטקעגן גע־קומען — דאָס עסן איז קאלט!
— וועט מען עס אָנווארמען!
— וואָס שרייסטו? רעדסט מיט דיינע פּאַראָבקעס?
— איך רעד מיט דיר, שרה! מיט די—יר!
זי האָט זיך פונאנדער געהוסט.
אברהם האָט ניט געגעסן, זיך פארמאכט אין קאבינעט, געשפּרייזט, געשריען שטומערהייט.
מען האָט אָנגעקלאפּט.
די שנור, א פרישע, איז געשטאנען אין דער געעפנטער טיר:
— לאָז דער שווער געהן עסן!
דער כעס האָט בא אברהם׳ן נאָכגעלאָזט.
— רבקה׳לע, גיב מיר דאָ אריין עסן.
— גוט!
— זאָג אים, רבקה׳לה, ער זאָל זיך מטריח זיין אין עס־צימער אריין! — האָט זיך שרה׳לע אָנגערופן פון הינטער דער טיר.
אברהם האָט געלאָזט שטעהן ביידע ווייבער, איז ארויס פון הויז און זיך געלאָזט מיט די לאָנקעס.

י. אָפּאַטאָשו



א יאגד־ און קאמף־סצענע אויף א בלאט פונ׳ם ספר „עמודי גולה״, פון רב יצחק בן יוסף מקורבייל, געשריבן אין יאָר 1337 אין דייטשלאנד
פארצירונגען אין פארבן, אותיות אין גאָלד. מינכען, מלוכה־ביבליאָטעק, קאָד. העבר. 135

HUNTING AND FIGHTING SCENE. PAGE FROM "AMUDE GOLAH" BY ISAAC BEN JOSEPH OF CORBEIL. WRITTEN IN GERMANY 1337
ORNAMENTS IN COLOURS. LETTERS IN GOLD. MUNICH, STAATSBIBLIOTHEK, COD. HEBR. 135

# פונ׳ם תהו ובהו

מ ו ר א

אזוי ווי אנ׳אבל צווישן חתנים האָט ער זיך יאָרנלאנג ארומגעוואלגערט אינ׳ם ווייטן פרעמדן כרך.

געוואוסט האָט ער: אויך דאָ צאפלען און רייכערן זיך אזעלכע צעבראָכענע שאַרבענס ווי ער גופא. אויך אין דעם טיגל ווערט צושמאָלצן אזעלכער מענשן־זשאווער — אָבער ער האָט פאר דער גאנצער צייט אפילו אויף א האָר זיך ניט דערנעענטערט דערצו.

ער האָט מורא געהאט.

פאר דער שטאָט, פאר די שמייכלדיגע און ניט שמייכלדיגע מענשן, פאר זיך.

ער פלעגט בכיון אויסמיידן דאָס אלץ, וואָס וואָלט אים געקענט מיט עמיצן צונויפפירן.

אויף אייז־ריגלען האָט ער זיך איינגעשלאָסן און מיט הארטע שטאמעס האָט ער זיך פארבאריקאדירט אין די אייגענע ד׳אמות.

נאָך לײדיגע גאַרן־טעג פלעגט ער זיך וואלגערן און מאַטערן אין די לאנגע שפינען־נעכט — יאָר איין, יאָר אויס.

בא זיך אין חדר האָט ער זיך איינגעשרומפן, די פאַרבינדונגס־דראָט צווישן אים מיט דער וועלט איבערגעשניטן און געפלאָגט זיך אין אייגענעם רויך.

אליין.

און פלעגט אים די וועלט פריוון פאנגן אין איר נעץ — האָט ער זיך ניט געלאָזט. הארט פאר דער נאָז פלעגט ער איר די טיר צוהאַקן — און בלייבן בא זיך. באם פראָסט גלייכגילטיקייט, וואָס האָט ווייסע בלומען און קרייטאכצער אויף זיינע פענסטער צולעגט און באם לײדיגן לאנגווייליגן — „האַ״?, וואָס נאָר צייטנווייז פלעגט זיי א כאָרכלדיגער ווייטיג אויסטוישן.

און די יסורים זיינע, די ניט־ארויסגערעדטע און ניט־איינגעהערטע, פלעגן צאפלען און ארומוויגן ארום אים זייער אייגענס און בלייבן בלויז אייגענע. מיט דער צייט זענען זיי גשמיות׳דיג געוואָרן — כאָטש נעם און באַטאפּ זיי מיט די הענט. און פארגליווערט. אזוי ווי נאָר וואָס אָפּגעקילט בלוט, פלעגן זיי דינע הייטליך אויף די לעכער פון זיינע וואונדן שאפן. אָבער באם קלענסטן אָנריר פלעגן זיי, פונקט ווי דאָס בלוט, צוריק פליסיק בראָטן אָנהויבן.

מיט אנ׳אויער פון א ווירטואָז פלעגט ער זיך צום קלענסטן גערויש פון זיין פיין צוהאָרכן.

און צום געפילדער פון דרויסן, וואָס איז אלץ מעכטיגער און ליאַרעמדיגער געוואָרן, איז ער געווען טויב ווי די וואַנט.

אָבער דער געפילדער האָט מיט פיין און טרערן זיין וועג צו אים דורכגעמאכט. מיט פיין, וואָס זיין אייגענער איז אקעגן אים ווי א נעביכל אויסגעקומען. און ער האָט סוף סוף צו אים דערגרייכט.

וויפיל ער האָט די אויערן ניט פארשטאָפּט און די אויגן צוגעמאכט — אויך צו אים אין זיין תפיסה פלעגן זיך פון צייט צו צייט בינטליך ידיעות און שפורן פון יסורים — יענעמס יסורים — אריינקריגן און ארויסרייסן אים פונ׳ם לעטאַרגישן קרייז, אין וועלכן ער האָט זיך מתבודד געווען.

און אויפגעוועקט זענען בא אים געוואָרן יענע גיפטיק־געטליכע שלאַנגען, גלאנץ־האָריגע און שארף־ציינגיגע. שלאנגען — זכרונות.

עס האָט אים דערמאנט — אז ניט פון היינט און ניט פון א שטיין איז ער, אז זיין דין ריטל שטאמט פון א געדעכטן בעזים און אז ער האָט אַנאָכשלעפעניש פון א סך — א סך נעכטנס הינטער די פלייצעס, וואָס שווימען ארויס ניט נאָר באם הארצנאַרגעניש, נאָר אויך בא די זיס פארכאפנדיגע וואַריאַציעס וועגן גאָר ניט און וועגן אלץ, וועגן אמאָל־אמאָל . . .

און אָט דער אמאָל, די מצבות פון די שוין אוועקגעגאנגענע און דאָס געביין פון די פארבליבענע, מאטערן זיך איצטער.

מער אָנגעשטרענגט איז זיין געהער געוואָרן און מער איז ער געוואויר געוואָרן. און נאָך יעדער ידיעה, פלעגט זיך בא אים צונויפקראמפן דאָס הארץ און מיט אנגסט פלעגט ער די מוח־אויגן פארמאכן.

ער האָט מורא געהאט אריינצוקלערן, סתם צוקלערן.

ווי פון בייזע פליגן, פלעגט ער זיך פון די געדאנקען וועלן אָפּשאָקלען.

אָבער אומזיסט.

שוין האָט ער זיך איינגעקארטשעט און מיט שוואכקייט אָהן־ציינינג ארויסגעפיבערט.

„ווי וואויל איז מיר, וואָס איך האָב קיינמאָל קיין שוועסטער ניט געהאט און טאַטע־מאַמע זענען שוין פון לאנג אָפּגעשטאָרבן״.

און געציטערט האָט ער צוקלערן וואָס וואָלט געווען, ווען ער וואָלט יאָ געהאט א שוועסטער און טאטע־מאמע וואָלטן געלעבט.

דאָס הארץ זיינס האָט מורא געהאט. אָבער דער מוח האָט זיך ווי א וואַמפיר אין דעם אָנגעכאפּט און אָנגעהויבן פאָרצושטעלן וואָס דאָס וואָלט געווען. — — —

מיט די ציין האָט ער געקריצט און געוואָלט פארטרייבן דאָס געשפענסט פון די אויגן. אָבער קרענקליך האָט אים דער מארך געצאפּט און געוויזן:

— — — זיין טאטע־מאמע וועלן זיי נעמען. בכבודיקע זקנים. קיין „בייז" וועט מען זיי ניט טון, מ׳וועט זיי נאָר הייסן א טענצל גיין און א לידל זינגען. א לידל — — — זיין טאטע־מאמע! . . . און צום צווייטן מאָל:

— — — די עלטערן, אזוי ווי א מאָל, ערליך־געטרייען, און א שוועסטערל דרייט זיך אין שטוב — א לידל. די נחמה.

און אָט קומט א תקיף און הייסט דעם אלטן צושטעלן די טאָכטער — „מאָרגן 8 א זייגער — ווען ניט" . . . .

און דער אלטער קוילעט בידים זיין קינד . . . — — — — — —

אָדער פארקערט: דער טאטע גייט צום רב נאָך אַן עצה... און דער רב צעכליפּעט זיך און ווייזט אים אָן א בפירושן דין — אַז . . . — — — — — — — —

— „אָבער טאטע־מאמע זענען טויט", האָט ער זיך געפּריווט איינרעדן.

— „און אויב אנדערע טאטע־מאמעס — איז דען א חילוק"?

— „יאָ! אנדערנס טאטע־מאמע איז פּאָרט עפּיס אנדערש"

— איז אים קלאָר־שרעקליך געוואָרן.

— „ניט אמת! דער טאטע איז טויט"! — האָט ער אויפ׳ן קול אויסגעשריגן און זיך דאָס לייב געביסן.

„ווער טויט, וואָס טויט? — האָט ער זיך גערייצט — ד ו ביסט דאָך דאָ?! ד ו ביסט דער טאטע"!

„דו ביסט די מאמע! דו ביסט דער רב! אפילו דער תלין ביסט ד ו! און ד ו אליין ביסטו אויך! ד ו"!!... — — —

און אין דער אמת׳ן האָט ער זיך געשפּאָלטן אויף צווייען, אויף פירן, אויף נאָך און נאָך, אויף א ים געשטאלטן.

און זיי אלע האָבן זיך בּא אים אין הארץ אין אַ שדים־טאנץ געלאָזט — אָהן אנ׳אָנהויב און אָהן א סוף.

און צוזאמען מיט אים האָבן זיך די אלע געוואָרפן ווי פיש און געבעטן:

„ניט אמת"! . . .

און א קול האָט דעם גזר־דין ארויסגעטראָגן:

„א—מ—ת! א—מ—ת!" . . . . — — — — — — —

און אנ׳אנדערס מאָל:

— — — א מיידעלע האָט ער דאָרט א יונגס, א כשר׳ס. שפּעט בּא נאַכט פלעגט ער אָפּט מיט איר אין די ווייטע פעלדער פארקריכן, אין טוי־מאַנטלן זי איינהילן און אויסקושן, לאָזן זיין נאַרישן ניט־באַרייפטן קאָפּ אויף איר שויס. ווי אריינ[i]קייט פלעגט ער זי האלטן. אין אלע זיינע חלומות איז זי ניט פארשוועכט געוואָרן און געבליבן דאָס זעכצניעריגע טייבעלע. —

איצטער וואַלגערט זי זיך בּאַ שדים׳ס פוס און בעט זיך:

„שענקט מיר — מיך און נעמט מיך ניט: איך בּין נאָך אַזוי יונג" . . . . — — — — — — — — — — — —

— און די געדאנקען זיינע האָבן אים צו דער וואנט צו־געשטיפּט. און רעגוליער, ווי א זייגער, האָט ער דעם פלאצעדיגן קאָפּ אנגעהויבן אין וואנט צו קלאפּן. מיט א ריטם.

איינס, צוויי, דריי. איינס, צוויי, דריי. — — —

און אומבאהאָלפן האָט געקלאמערט אין הארצן:

— „היתכן? איז טאקע לית דין ולית דין"?

„גיי משפּט — האָט ער מיט די ציין געקריצט — גיי משפּט. משפּט דיך, זיי אלעמן! משפּט דעם גאָט דיינעם. וואָס ווי א הונט קוקסטו אים אין די אויגן און מאכסט פאר אים מיטן עק. גיי — משפּט!" . . .

„און די אין תהום קראַפּירנדיגע — וואָס קען מען צו זיי האָבן?"

— „רחמנות?" —

— „דאָס מעגן בּלויז די מערדער און זייערע נאָנטע קרובים זיך ערלויבן." —

— „פאראכטונג?" —

„דאס מעגן בּלויז די קרבנות צו זיך גופא האָבן."

„אנדערע דארפן האָבן — מורא. מורא. — מורא אָהן אנ׳אנהויב און אָהן א סוף".

און ווי א קאָלאָסאלער אומרוהע האָט דער רייפן־לאָזער קאָפּ אין טאקט געבּויערט די וואנט:

מ—ו—ר—א . . . מ—ו—ר—א . . . מ—ו—ר—א . . . — —

ג. ת ה ו ם

*

די בלעטליך זיינען נאָך גרין
און אויפ׳ן לייטער
שטייט דער גערטנער נאָך מיט דער גרויסער שער — —

קוק אין מיין עהרליך פּנים אריין:
א יונג קנאָכיג בוימ׳ל
און איבער׳ן שטערן
דינע שטריקליך שוין איבערגעצויגן
פאר שווער באַלאַדענע צווייגן . . .

א. נ. ש ט ע נ צ ל

# אנטוויקלונגען אין דער קונסטקריטיק

היפּאָליט טען

מוז מען זיין אליין אַ קינסטלער כדי צו קענען זאגן מבינות אויף קונסט? טען איז ניט געווען קיין קינסטלער און ער האט עס געהאלטן פאַר אַ חסרון. ער האט אבער געהאט נאך א גרעסערן חסרון, וועלכן ער האט ניט געוואוסט: ער איז געווען א ליטעראטור־היסטאָריקער. און דער חסרון באשטעט ניט אין דעם, וואס ער שאצט אָפּ קונסט מיט דער מאָס פון ליטעראטור. פארקערט, וועלענדיג דוקא דורכאויס ניט צונויפצומישן צוזאמען זיינע ביידע ספעציאל־פעכער — קונסט און ליטעראטור, — דערשמעקט ער שטענדיג עטוואָס ליטעראַרישעס אין די ווערק פון דער בילדענדער קונסט, און עס וואלט זיך אים אם־ליבסטן געוואלט אז אין דער קונסט זאל קיין שום זכר ניט זיין פון גייסט, מיט דער פיינליכער געבונדענקייט פון איינעם, וואס איז געפלאגט צו פירן א דאָפּעל־לעבן.

טען מאכט א חלוק צווישן דעם מאראלישן מענשן, וואס איז אַ אָביעקט פאר מוזיק, פאר ראָמאן, פאר דראמע, פאר ליטעראטור בכלל, און צווישן דעם פיזישן מענשן, וואס איז אַ אָביעקט פאר דער בילדענדער קונסט. די קונסט־עפּאָכן, וועלכע האבן אָט דעם חלוק ניט געמאכט — צ. ב. די רעליגיעזע, ספּירימואליסטישע מאלעריי און פּלאסטיק פון מיטעל־אלטער, — איז ער אינגאנצן מבטל. נאר אין דער אלטער גריכישער סקולפּטור און אין דער רענעסאנס־קונסט האט ער געזעהן פארווירקליכט דעם אידעאל פון דער פולבלוטיגער פּלאסטיציטעט, דעם אפּאָטעאָז פונ׳ם געזונטן מענשליכן לייב. מ׳רופט טענען „דער טעאָרעטיקער פונ׳ם נאטוראליזם“, הגם ער איז גאר געווען א חסיד פון אידעאליסטישער עסטעטיק און איז געווען פייער און פלאַם אויף דער קנעכטישער נאכמאכונג פון דער נאטור. ער פארלאנגט פון קונסט דאס גוזמאות׳דיגע, דאס ארויסגעפינען פונ׳ם עיקר. די פראגע איז בלויז, וואס איז אזוינס דער עיקר? טען האלט, אז דער עיקר איז דער אויסדרוק פון דער גשמיות׳דיגער געזונדקייט. פאר די אימפּרעסיאניסטן — וועמען טען רופט: „קנעכטישע קאָפּיענאכמאכער פון דער נאטור“, און וועלכע ווערן נאך הײנט פון אסך געשטעמפּעלט אלס נאטוראליסטן — איז דאס וויכטיגסטע געווען, די אידעאלע ניואנסן פון דער נאטור. און דער היינטיגער עקספּרעסיאָניסט זעהט דאס סאמע עיקר׳דיגע אין דער שטייגערונג פונ׳ם גייסטיגן לעבן. יעדער דור האט זיין באגריף וועגן דעם עיקר. טען איז אַ קינד פון זיין צייט און ער האט פיינד דעם שוואכליכן ראָמאנטיזם און דאס פארבענקט־חלומ׳דיגע. גלייך אזוי ווי עס האָבן עס פיינד געהאט דער נאַטוראליסט באלזאק אדער זאָלאַ אין דער ליטעראטור און קורבע, אדער די אימפּרעסיאָניסטן אין דער מאלעריי. אין דעם וואס טען ווארפט אב, איז ער געראטן אין זיין דור. אבער ניט אין דעם, וואס ער באצוועקט. אין זיין פּאזיטיוון אידעאל איז ער לגמרי מחולק מיט זיין צייט און שטעהט אין קיין שום באציהונג ניט מיט די אלע שיטות, וואס האבן באגלייט די אנטוויקלונג פון דער מאדערנער קונסט. ווארום גראד דער 19 טער און דער אנהויב פונ׳ם 20 טן יארהונדערט צייכנען זיך אויס דורך דעם, וואס זיי ווייכען אָפּ פונ׳ם אידעאל פון פּלאסטיק. עס דאכט זיך, אז דער פּלאסטישער אינסטינקט רוקט זיך אב, כדי צו מאכען אנ׳ארט פאר דעם חוש פאר פאַרב. מיר האבן שוין אפילו דערלעבט צו זעהן א מאלערישע פּלאַסטיק; די הנאה פון דער קיילעכיגער בולט׳ער פארם איז אלץ זעלטענער געווארן, און דער וואס האט מחדש געווען דעם פלאכליכן פּרעֶסקָא־סטיל, פּווי־דע־שאַוואַן, האט זיך אפילו אויסגעלאכט פון די מאלער, וואס מאלן א אויג ווי א ביליארד־קויל.

האט נאך טען א באדייטונג פאר אונז היינט? סמנים פון רעאקציע געגען דער ריינער קונסט פון שטח זיינען פאראן. מען וויל היינט אבבילדונגען פונ׳ם רוים, מען וויל שטעהענדיגע פארמען, וועלכע מען קאָן אנטאפּן. די סטאטוע־פּלאסטיק וויל ווידער ארויף אויפ׳ן פּלאַן. אודאי איז ניטא קיין גייסטיגע פארבינדונג צווישן אָט די היינטיגע און צווישן די גריכען פון דער פּעריקלעס־צייט, וועלכע טען פארגעטערט. אז מען זוכט אבבילדונגען פון רוים, ווענדט מען זיך קיין עגיפּטן, שטודירט מען די סקולפּטור פון אינדיען, די פּלאַסטיק פון די נעגער. די גריכישע סקולפּטור פון 5 טען יארהונדערט פאר קריסטוס, זעהט אונז היינט אויס צו ווייניג קרעפטיג, צו אויסגעצאצקעט, בשעת טען זעהט אין איר די פארקערפּערונג פון דער סאמעראדנער געזונדקייט און אורשפּרינגליכקייט. מיר וועלן דא דעריבער קוים קאָנען געפינען א געמיינזאמע שפּראך מיט אים.

אבער טענ׳ס טעאריע וועגן סביבה? זיין דרשה וועגן דעם קינסטלערישן שאפן, געשטיצט אויף די פיר הויפּט־יסודות פון ראַסע, סביבה, צייט און גייסטיגע נטיה? פילן מיר דען ניט גראד היינט, אין דער צייט פון איבערקערענישן, פעלקערוואנדערונגען און רעוואָלוציעס, ווי שטארק ס׳איז אבהענגיג דאס קינסטלערישע שאפען פון אָט די אלע מאמענטן וועלכע טען האט אויף אזא גייסטרייכן אופן אנאליזירט? אבער גראד אָט די היסטאָרישע טעאריע פון טען איז זעהר ווייניג פארשפּרייט געווארן. נור פּאפּולאריזאטארן, ווי א שטייגער ריכארד מוטער, האט זיך פאר איר אנגענומען, אבער זיין ווירטואָזער נאר אויבערפלאכליכער פּירוש האט איר קיין כבוד ניט צוגעגעבן. א קורצע צייט האט זיך געדאכט אז פון זיגמונד־פרויד׳ס חדר וועט עטוואס וויכטיגעס ארויסוואקסן פאר דער אנטוויקלונג פון דער גענעטישער קונסט־

פאָרשונג, — פארשטעט זיך, פון דער פסיכא־אנאליטישער, און ניט פון דער סאָציאָלאָגישער זייט, — אבער מער ווי א פאר אינטערעסאנטע ארטיקלען האט זיך דערפון ניט אויסגעלאזען. די קונסטוויסענשאפט האט זיך דערווייל אינגאנצן אבגעגעבן מיט דער אנאליזירונג פון דער קונסטארט אליין און באשעפטיגט זיך מיט קיין שום זאך ניט, וואס האט ניט קיין דירעקטע שייכות צו דער געשטאלטונג פון דער פארם. מיט דער טעאריע פון טען ווייס זי דעריבער ניט וואס אנצוהויבן. אין דער קונסט־פילאזאפיע פון טען דערוויסן מיר זיך וועגן די מידות פון די גריכען אין די צייטן פון פעריקלעס און אלכסנדר דעם גרויסן. אבער א געשיכטע פון מידות איז נאך ניט קיין געשיכטע פון קונסט. טען פרעגט תמיד פארוואס, און ניט ווי אזוי. ער זאגט צום ביישפיל, אז די קונסט פון דער אלטער וועלט איז מאנומענטאל, בשעת די קונסט פון רענעסאנס־צייט איז דעקאָראַטיוו. ער האלט עס ניט פאר זיין אויפגאבע צו אנאליזירן אָט דיביידע סטילן אלס פאָרם־פראבלעמען. פאר אים איז גענוג, אז ער לאזט זיך ארייַן אין א חקירה וועגן דעם, פארוואס איז די אלטע קונסט מאנומענטאל און פארוואס איז די רענעסאנס־קונסט דעקאָראַטיוו. אין אלטערטום — דערצעלט ער — איז דער באשטעלער געווען די שטאָט, וועלכע האט געדארפט לעזן מאָנומענטאלע אויפגאבן. אין פלאָרענץ אבער, אין דער רענעסאנס־צייט, איז דער באשטעלער געווען דער גרויסער גביר, וואס האט געוואלט האבן א שענע שטוב, „כלים, קאבינעטן פון עלפאנט־ביין און עבענהאָלץ, גאָלד־צירונגען, אויסגעמאלטע ווענד און סטעליעס". דאס איז אפשר א גאנץ גייסטרייכע סברה. עס גיט אבער קיין שום ערקלערונג ניט וועגן דעם, ווי אזוי אייגנטליך האבן באמת אויסגעזעהן די פארמען אין אָט די ביידע סטילן.

דאס זאל אבער לחלוטין ניט הייסן, אז טען איז געווען טויב פאר דער שפראך פון פארמען. ער האט פאַרמאָגט א פיינעם געפיל פאר דער עמאָציאָנאַלער באַדייטונג פון דער ליניע, אדער ווי ער רופט עס, פאר דער „געאמעטריע פון ליניען". די ליניען, וואס באצייכנען אונזער קערפער — זאגט טען — די גלייכע, די קרומע, די געדרעהטע און געבראכענע ליניען, יעדע פון זיי האט אויף אונז אַ גאנץ אנדערע השפעה. דאס זעלבע איז אויך בנוגע די מאטעריאלן, וואס בילדען דעם קערפער. זיי גופא האבן אויך א ווערט פאר אונזער געפיל. און אויך די פארב האט א באַדייטונג ניט נור דורכדעם, וואס מאכט עפעס נאך, נאר זי האט טאקע אליין־און־פאר־זיך אויך א באַדייטונג.

„א בילד — זאגט טען — איז א באַמאָלטער שטח, אויף וועלכן די פארשידענע פארבן און ליכט־מדרגות זיינען פארטיילט לויט א באשטימטן מין; דאס איז דער אינוועניגסטער מהות פונ׳ם בילד; דאס וואס אָט די אבפארבונגען און ליכט־מדרגות גיסען זיך צונויף און ווערן פיגורן, און ארכיטעקטורן — דאס איז א נייע, צוגעקומענע מעלה, וואס נעמט אבער בא דער ערשטער און אייגענטליכער מעלה גאר קיין חשיבות ניט אָב".

וואס טען זאגט דא, האט געקאנט זאגן גאר א היינטיקער.

על כל פנים, פארנעמט בא טען די פארב און די ליניע קיינמאל ניט דעם אויבן־אן. די אנאטאָמיע און די פערספעקטיוו זיינען פאר אים וויכטיגער, און דערפאר איז ער טאקע אויף דזשיאָטאָ ניט קיין אמת׳ער מבין. ער וואלט שוין גרייליך געוואלט אוועקשטעלן אים אין איין שורה מיט ראַפאַעלן, אבער דזשיאָטאָ איז שוואך אויף דקדוק, ד. ה. ער איז ניט באהבנ׳ט אין דער אנאטאָמיע און אין דער פערספעקטיוו, און דאס איז א חטא, וועלכן מ׳קאָן ניט מוחל זיין.

און דערפאר האט ער אויך ניט תופס געווען דעם ווערט פון דער גאָטיק און פון דער ביצאנטינישער קונסט, ווייל אים זיינען אונסימפּאַטיש אָט די לאנגע־אויסגעצויגענע, אויסגעמאגערטע, ספּירטואליזירטע געשטאלטן פון אָט דער קונסט, די „שווינדזיכטיגע אידיאָטישע אסקעטן", ווי ער רופט זיי.

פונ׳ם שטאנדפונקט פון היפּאָליט טען, וואלטן מיר מוזן אבווארפן די קונסט פון אינדיען, פון כינא, פון יאפּאן, ווארום אונזערע כללים פון פּערספּעקטיווע פּאסן לגמרי ניט פאר אָט דער מזרח־קונסט. אבער גראד אין די לעצטן צענדליג יאָרן האבן זיך געמערט אונזערע ידיעות פון די אריענטאלישע קולטורען, און ס׳איז געוואקסן אונזער דרך־ארץ פאר זיי, און קיינער קען שוין ניט אבלייקענען זייער באפרוכטענדע השפעה אויף אונזער היינטיקן שאפן און היינטיקע קינסטלערישע אנשויאונגען.

אין דער מחלוקת „מזרח אדער רוים", וואלט טען געוויס געפסק׳ענט: רוים. אבער אין זיין צייט איז נאך גאר די גאנצע פראגע ניט באשטאנען, און דערפאר איז פאלש צו זאגן, אז טען איז געווען „ניט צוגעגרייט". די גאנצע קונסט־פאָרשונג איז נאך דענסטמאל געווען „ניט צוגעגרייט". אויב די שריפטן פון טען מאכן אויף אונז היינט א אקאדעמישן איינדרוק, ווירקן אבער נאך היינט אויף אונז לעבעדיג, פריש און אָנרעגענד די פאָרלעזונגען וועגן קונסט, וואס ער האט נאך אין יאר 1854 געהאלטן אין דער קונסט־שול אין פאריז און פון וואנען זיינע שריפטן זיינען שפּעטער ארויסגעוואקסן.

רחל ווישניצער־בערנשטיין

# ס׳לעבענס רוף

פאָלקס-טאָן

מאמע, זאג, וואס דאס באטייט: —
פונ׳ם סאָד א שטיל געבעט,
טראגט פארבענקט זיך ווי פון ווייט
צו מיין פענסטער אָוונט שפעט;
כ׳הער מיך צו, עס שרעקט און ציהט
ס׳רופט מיר: „קום, ווייל אלס פארבליהט״...
— וואָזשע דאכט דיר אויס, מיין קינד,
ס׳איז דעם זומערס לעצט געבעט,
ביי דעם בייזן הארבסט אצינד, —
ד׳שעהנסטע בלומען ער צוטרעט...

מאמע, זאָג, וואס זאל עס זיין,
אין מיין פענסטער נאכט אין נאכט,
עמיץ ציטערנד קוקט אריין
ווינקט און רופט מיך, וויינט און לאכט;
פלוצים קלאפט עס שטארק אין טיר: —
„כ׳וועל זיך נוקם זיין אָן דיר!״
— וואזשע, טאכטער, רעדסט זיך איין,
אין דיין פענסטער קוקט צו דיר
די לבנה בלייך אריין...
ס׳קלאפט דער הארבסט-ווינט אָן דיין טיר...

מאמעניו, כ׳געה פון זינן אראפ!
כ׳ליג און כ׳הער שטיל עמיצס טריט,
כ׳האַפ מיין דעק גיך איבערן קאָפ...
כ׳פיהל זיין אטעם פייער גליהט,
כ׳שריי, מיין קול ווערט ווי פארשטיקט
עמיץ פעסט צום ברוסט מיך דריקט...
— טאכטער מיינס, אָ, מיר פאר דיר!
גאט, וואס איז מיין קינד געשעהן!
כ׳נעם די מזוזה פון דיין טיר,
כ׳גיי צום סופר איבערזעהן...

מאמע, מאמע, כ׳שלאָף קיין נאכט,
ווער זשע, ווער, אָ, רויבט מיין רוה?
אלעס שלאָפט, מיין הארץ נאר וואכט,
ס׳ציהט מיך ערגעץ. כ׳ווייס ניט וואו...

א. יאקובאוויטש

# דאָס פאָלקס־ליד און נייעסטע יידישע פּאָעזיע

### געדאַנקען פון אַ פאָלקלאָריסט

עס וועט ניט זיין קיין פּאַראַדאָקס, ווען מיר וועלן זאָגן, אַז אויף דער נייעסטער יידישער פּאָעזיע ליגט נאָך אַלץ דער שטעמפּל פון אונזער ליבן תמימות׳דיגן פאָלקס־ליד. און זאָל דאָס ניט לגנאי געזאָגט ווערן, ווייל מיר האַלטן נאָך פונ׳ם כלל: בעסער זיין אַ קאָפּ פון אַ לעבעדיגן פוקס, איידער אַן׳עק פון אַ טויטן לייב.... די מאָדערנע יידישע פּאָעזיע, ווי ראַפינירט זי זעהט ניט אויס אויפ׳ן ערשטן אויגנבליק, איז זי דאָך אין איר עצם־תוך פאָלקסטימליך און, אויב איר ווילט, זאָגאַר, פאָלקלאָריש. וויפיל זי זאָל זיך ניט וועלן פאַרקליידן אין דעם אייראָפּייאישן פּראַק און האַנדשוה, שטעקט נאָך אַלץ אַרויס פון איר בוזים דער טלית־קטן מיט דעם „לייפּסערדאַק"... פאַר אונזערע משכּילים, פאַר די אַלטע ווי פאַר די שפּאָגל־נייע, איז דאָס אפשר אַ גרויסע חרפּה; פאַר אונז אָבער, וואָס שעצן טאַקע „איבער אַלעס" עכטקייט און פאַרוואָרצלטקייט, איז דער „יחוס־בריוו" פון אונזער מאָדערנער פּאָעזיע, אַז זי שטאַמט טאַקע פון דעם אַלטן פאָלקס־שווּס אַרויס, ניט נאָר קיין בושה, נאָר אַ גרויס געווינס.

אַז פרוג, רייזען און מאָריס ראָזענפעלד, זיינען דורכאויס אין זייערע בעסטע אויפריכטיגסטע זאַכן פאָלקסטימליך, דאַרף מען, דאַכט זיך, גאָר ניט דערווייזן. זייערע ליריק זיינען סיי לויט׳ן גראַם און סיי לויט׳ן מאָטיוו גאָר נאָהנטע קרובים מיט׳ן ליד פון פאָלק. זיי פאַרגיסן טרערן אויפ׳ן ביטערן יידישן מזל, זיי וועקן דאָס „פּינטעלע ייד", דעם רחמנות־געפיל און, אָפט, יידישע גוטהערציקייט, פּונקט ווי דאָס האָט געטאָן דאָס פאָלקס־ליד בשעתו. פון דעם גלאַנץ און לוקסוס פון דער אייראָפּייאישער פּאָעזיע מיט אירע פּרינצן און מאַטראָנעסעס, מיט זייערע האַלב־געפילן און ווילדען דעגענעראַטיווען ריח פון קאָקאַין און אָפּיום, ווייסט לחלוטין ניט די יידישע מאָדערנע פּאָעזיע פון די אויבנדערמאָנטע דיכטער. זי איז זיי, די דאָזיגע אייראָפּייאישקייט, לגמרי פרעמד און אומפאַרשטענדליך; קינדער פון פאָלק, וואָס האָבן געדיכטעט, זיינען זיי געווען איינגאַנצן אונטער דער השפּעה פון דעם מקור פון דער פאָלקס־פּאָעזיע, וואָס איז געווען און געבליבן — דאָס פאָלקס־ליד. דער שפּעטערדיגער פּעריאָד אין אונזער פּאָעזיע מיט דוד איינהאָרנ׳ס „שטילע געזאַנגען", איז ניט מעהר ווי אַ וויַיטערדיגער עטאַפּ פון דעם פאָלקס־ליד מיט זיין אַלטן זיפץ און קרעכץ, מיט זיין צניעות און באַרמהערציקייט און, דערהויפּט, מיט זיין נאַאיוו־אויפריכטיגער ליבע צו דער יידישער טאָכטער, וואָס איז נאָך ניט פאַר׳סמ׳ט מיט דער הפקרות אין געדאַנק און איבערזעטיקייט אין געפיל. ווי דאָס איז דאָס רוב דער פאַל אין דעם ליבע־ליד פון דער מאָדערנער פראַנצויזישער פּאָעזיע. איינהאָרן און די יידישע פּאָעטן פון יענער צייט, וואָס זיינען ניט אַזוי אָריגינעל ווי ער, האָבן פון די „שטאַרקע ליידנשאַפטן", אַזוי צו זאָגן, ניט געוואוסט, פּונקט ווי פון זיי האָט ניט געוואוסט די פּאָעזיע פונ׳ם פאָלק. און ווי לייבליכע שוועסטער וואָס איינע איז אַ עלטערע און די צווייטע אַ יונגערע — קאָנען פאַרגליכן ווערן די איינהאָרנ׳שע לידער מיט די פאָלקס־לידער.

און ווייטער, ווען די יידישע פּאָעזיע מאַכט נאָך אַ שריט נעהנטער צו דער אייראָפּייאישקייט, עס באַווייזן זיך אַ גאַנצע רייהע דיכטער אין אַמעריקאַ, ווי מאַני־לייב האַלפּערן, לייוויק, און אין אוקריינע: קוויטקאָ, האָפשטיין און שוואַרצמאַן, וועלכע זיינען שוין לויט זייער מוזיקאַלישן ריטם און לויט זייער שפּראַך־פיינקייט און געפיל־ראַפינירטקייט מיילן־וויַיט פון אַ רייזען׳ען און מאָריס ראָזענפעלד׳ן, אויף זיי ליגט שוין בולט דער איינפלוס פון דער מאָדערנער וועלטליכער פּאָעזיע, זיי זיינען שוין, קאָן זיך אויסדוכטן, איינגאַנצן אַרויס פון די כּללישע „וויקעלעך", זיי זיינען שוין קיין פּאָדים אין דעם „פאָלקס־געוועב", נאָר אומות־העולם׳דיג, זייער פּאָעזיע האָט זיך שוין ווי אַסימילירט מיט דער דיכטונג פון דער פרעמדער „אַרישער" אומגעבונג, — זיינען דאָס אָבער נאָר אויסערליכע סמנים פון דעם אויסערליכן געבוי פון זייערע שירים; אין תוך גענומען, שפּינען זיי וויַיטער דעם אַלט־יידישן גאָלדענעם שטראַל, וואָס האָט זיך צו אַלעם ערשט באַוויזן אין זיין ליבן ש י י ן פאַר׳ן פאָלק, און האָט אַרויסגעשטראַלט פון פאָלק... ווייל טראַכט מען זיך נאָר אַריין אין די סטימולן, וואָס האָבן אָט די דאָזיגע יונגע דיכטער באַגייסטערט און באַוועגט, דערפילט מען גלייך דעם אָטעם פון אונזער פאָלקס־דיכטונג. וואָרום ווי געוואַגט און ווי פאַרשייט כּלומרשט ס׳זיינען די מאָטיוון פון די דאָזיגע דיכטער, געהן זיי דאָך ניט אַרויס פון די גרענעצן, פון דעם מאָראַלישן און געזעלשאַפטליכן קרייז פון דער אַלטער יידישער פּאָעזיע. עס פעהלט אין זיי יענע צעלאָזנקייט און אַמאָראַלישקייט, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר׳ן אייראָפּייאישן דעגענעראַטיוון דור מיט זיין „ראַפינירטן" ביז אַמאָראַלישער הפקרות, „ליבע־גענוסן"... אונזערע יונגע דיכטער, זאָל זיי עס צו קיין חרפּה ניט זיין, זיינען נאָך ניט גאָר וויַיט אַוועק פון די אַלטע מִדות, וואָס אונזער פאָלקס־פּאָעזיע איז מיט זיי דורכגעדרונגען, נעמליך, מיט דעם מאָראַלישן שטרעבן אָנצונעמען זיך די קריוודע פאַר דעם געיאָגטן און געפּלאָגטן... אונזער יונגע פּאָעזיע, מיט גאָר קליינע אויסנאַמען, איז געבליבן ג ע ז ו נ ט און ג ע ז ע ל ש א פ ט ל י ך. איר זיפץ און איר טרער און איר בענקשאַפט שטראָמען אַרויס פון יענעם קוואַל, וואו דורות און דורות האָבן געזאַמעלט זייער פרייד און עצבות, זייער מאָראַלישע קראַפט און, דער עיקר, זייער פאָלקסטימליכקייט, זייער אֵ י ג ע נ ס...

אָט דערין ליגט דער סוד, וואָס אונזער פּאָעזיע איז תמיד פריש און זאַנפט, ווייל זי איז שטענדיג פאַרוואָרצלט אין די געדיכטסטע טיפעניש פונ׳ם פאָלקס־באָדן, ווייל איבער איר קאָפּ, אָפט־מאָל אומבאַוואוסט פאַר די דיכטער אַליין, שוועבט דער גייסט פון אַ מאַרטירער־עבר, פון מסירת־נפש אין די פאַרשיידענסטע פאָרמען און געשטאַלטן.

און כּל־זמן אונזער פּאָעזיע וועט ניט איבעררייסן דעם שנור, וואָס פאַרבינדט און פאַרקניפּט זי מיט׳ן פאָלקס־ליד, וועט זי בלייבן אייביג־יונג און אייביג־שעפעריש, ווי דער גייסט פון פאָלק, וואָס ווייס פון קיין עלטער ניט...

ש מ ו א ל ר ו ב י נ ש ט י ן

# צוויי תקופות אין דער יידישער ליטעראַטור

פרווו פון א סינטעז



ער קומענדיגער קולטורהיסטאָריקער וועט בכלל שטעהן פאר א זעהר שווערער אויפגאבע. ער וועט מוזן צוזאמענגעמען אלע די דאָזיגע אינאייננאנדער און אויסאנאנדער פליסנדע טענדענצן, וועלכע זיינען דער סימן פון אונזער איצטיגן לעבן; דאָס וועט אָבער זיין פאר אים אלץ שווערער, וואָס מעהר עס דיפערענצירן זיך אצינד די אנטפלעקונגן פון דער עוואָלוציע, וועלכע טרעטן ארויס מיט א קאָסמישער נויטווענדיקייט פון דעם תוהו ובהו אויף אלע געביטן פון דער מענשליכער באשאפונג. מיר זיינען אקטיווע און מיטבאטייליגטע עדות פון איבערקעהרענישן, וועלכע לאָזן ניט אויס קיין איינציגע זייט פון דעם מענשליכן גייסט און דערגרייכן מיט א פארכשופ׳דיגן כח צו די טיפענישן פונ׳ם הארץ און געדאנק, און לאָזן ניט אויס קיין איינציגע פאָרם פון דער סאָציאלן געגנוואַרט. עס ווירקן אין זיי פארשיידענע מאָמענטן סיי מאטעריעלע און סיי אידעעלע, איינע וועלצן זיך איבער די אנדערע, איינע דרינגן אריין אין די דרכים פין די אנדערע, אלעס רייסט זיך צום לעבן, זוכט וועגן צום ווערן, בייט זיך אום פון אלטע איבערגעלעבטע פאָרמן אין נייע, יונגע, עלעמענטארע און ענערגיע־פולע, וואָס דערשלאָגן טויטע קאנווענאנסן און נאָרמען, פארניכטן געזעצן פון טראדיציע און געוואוינטקייטן. די אלטע ראָמאנטיק פון מנוחה און זעלבסט־צופרידנהייט, פון ניט צו הויכן פליען, ניט צו טראגישן טרויער, ניט צו טיפע יסורים, אל דאָס דאָזיגע וואָס האָט געקענצייכענט די פארגאנגענע תקופה, איז נעלם געוואָרן; די וועלט־מלחמה האָט צוגעגרייט דעם יסוד פאר א נייער זריעה, צופענטעט א נייע רעאקציע פונ׳ם מענשליכן „איך״, וועלכע שלאָגט זיך דורך צו נייע וועגן און זוכט נייע קוואלן. דעם אויפגעהענדיגן שטערן פון א נייעם עתיד זעט מען בפרט אין דער ליטעראַטור און קונסט, דאָס הייסט דאָרט, וואו דער מענשליכער גייסט טראכט זיך אם בולטסטן אויסצודריקן. דערפאר זעהן מיר, אז אין די ליטעראַטורן פון אלע פעלקער באגינט א דורכברוך, וועלכער קריסטאליזירט זיך לאנגזאם אויף א אָריגינאלן אופן אין א באזונדערער רעאקציע געגן לעבנסערשיינונגען, אין נייע, ביז איצט ניט באקאנטע פאָרמען פון געפיהל און ערלעבניש, פון דענקן און שאפן.

אויך די יידישע ליטעראַטור ווייזט אויף אצינד אינטערעסאנטע סימנים פון א איבערגאנגס־צושטאנד, וועלכער אונטערשיידעט זי קלאָר פון די פריהערע תקופות. קודם כל איז איינמאָל פאר אלע מאָל פארשוואונדן די ראָמאנטישע פארגעטערונג פונ׳ם „שטעטעל״, פון דער יידישער גאס, וועלכע איז בשעתּה געוועזן א תשובה אויף די טענדענצן פונ׳ם טריקענעם השכלה־ראציאָנאליזם. דאָס לעצטע ליעד אין דער יידישער ראָמאנטיק האָט געזונגען בערגעלסמאן אין זיין ראָמאן „נאָך אלעמען״; זייט דעם ווערן אירע טענער וואָס אמאָל זעלטענער און הילכן נאָך ווי א ווייטער ווידער־קול פון פארגעסענע קלאנגען. א סך מאָמענטן האָבן בייגעטראָגן צום אונטערגאנג פון דער דאָזיגער סימפאטישער, ווארמער, הגם אביסל אָבערפלעכליכער תקופה. אלע די מאָמענטן וואָס האָבן זיך אנטקעגנגעשטעלט די שאבלאָנענהאפטע סאָציאלע פאָדערונגען פון דער השכלה, פארלירן בכלל דעם ווערט אקעגן די נייע לאָזונגען און טראכטונגען, וואָס קומען פון מערב. מען טאָר ניט פארגעסן, אז די השכלה איז געווען בכלל א פארשפעטיגטע ערשיינונג אין דער יידישער גאס. זי איז נעמליך אנטשטאנען דאמאָלס, ווען דער פאָזיטיוויזם האָט שוין אנגעהויבן אויסגעלאשן ווערן אין אייראָפא און אָפטרעטן דעם פלאץ פאר נייע גייסטיגע כוואַליעס. דערפאר איז די אויפקלערונגס תקופה אזוי שנעל אריבער בא אונז אין דער יידישער ליטעראַטור, און אויף איר אָרט האָבן נייע טרוימען און נייע בענקשאפטן, נייער טרויער און נייע פריידן, רחמנות־געפיהלן און אויסדרוקן פון איראָניע גענומען אנפילן די ליטעראַטור. מענדעלי און שלום־עליכם, אש און דינעזאָן, פרץ און פרוג, ראָזענפעלד און רייזען דאָס זיינען אירע פארטרעטער. די מייסטע פון זיי געהערן שוין צום עבר; צו דער רעכטער צייט זענען זיי אוועק פון דער וועלט, איידער דער מאוימדיגער שטורמווינד פון דער גרויסער מלחמה האָט אוועקגעבלאָזן אן רחמנות אלע סענטימענטן און קיצליגקייטן. אָבער צוזאמען מיט זיי איז צוגרונד געגאנגען דאָס יידישע שטעטעל מיט זיין ראָמאנטישער טראדיציע. פרץ, וואָס האָט איינער פון די ערשטע די דאָזיגע ראָמאנטיק איבערגעלעבט און געשילדערט, איז אויך געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָט איר אונטערגאנג דערפיהלט.

אלס דער משורר פון עבר און דער נביא פון עתיד, שטעהט ער צווישן צוויי וועלטן, אויף דער גרעניץ צווישן דעם אלטן און נייעם דור. אין אים האָבן זיך קאָנצענטרירט שעפערישע מאָמענטען פונ׳ם אויפגאנג פון דער השכלה ביז צום אונטערגאנג פון דער ראָמאנטיק, אין אים האָבן זיך אנגעהויבן צו וועקן נייע אונבאוואוסטע שטימען און ס׳האָט זיך אנגעהויבן דאָס טאגן פון נייע לאָזונגען און אידעען, דאָס אויפגעהן פון נייע שפראָצן, וועלכע האָבן זיך אצונד שוין צעוואקסן אין באדייטנדע צווייגן. אודאי האָט די געוועזענע שאפונגס־תקופה פונ׳ם יידישן גייסט אויך אירע שאָטנזייטן. מיט א שלייער פון ראָמאנטישע צאצקעס האָט זי פארדעקט דעם בליק אויף דער ברוטאלער נאקטער ווירקליכקייט, זי האָט ניט געגרייכט ביז צום גרונד פונ׳ם קאָסמאָס, זי האָט פארמאכט די אויגן אויף די לעבענס־רעטענישן, וועלכע קווילן דעם מענשן און ווארטן אויף לעזונג, זי באגניגט זיך מיט׳ן לייכטן ביסן פונ׳ם אימפרעסיאָניזם, מיט׳ן אנגענעמען רייץ פון מיידעלשע אנטציקונגען. מען מוז אָבער צוגעבן, אז א דאנק איר לייכטיגקייט, סענטימענטאליזם, דעם פעלען פון יעדן רעוואָלוציאניזם, האָט זי געהאט א געוויסן רייץ, וועלכן די היינטיגע יידישע פאָעזיע

האָט אינגאנצן פארלוירן. דערפאר אָבער איז די לעצטע —
שוואונג, געוויטער און דינאמיט. זי האָט קיין איבריגע צייט
פאר קליינישטשקע יסורים, מינדערע מחשבות, באגרעניצטע
געפיהלן. אלעס קאכט און זידט אין איר, אלעס פּאָליעט און
רוישט, אלעס דרענגט און שטויסט, ווי אין דעם תהום פונ׳ם
אייביגן מעשה־בראשית.

ס׳איז אמת, אז די פארגאנגענע ליטעראטור איז געווען
פאָלקסטימליכער ווי די איצטיגע. בא אירע מנהיגים איז דאָס
פאָלק געווען ניט נאָר אן אָביעקט פונ׳ם שאפן, נאָר אויך דער
סוביעקט. עס באשטעהט אין איר א קאָנטאקט צווישן דיכטער
און פאָלק.ביידע פאקטאָרן זענען געמיינזאם משפיע איינער
אויפ׳ן אנדערן און דערגענצן איינער דעם אנדערן. די
שאפונגען פון רייזען, ראָזענפעלד, פרץ, מענדעלי וכדומה
שטאמן פונ׳ם פאָלק און זיינען באשטימט פ א ר ן פאָלק. די
דאָזיגע טענדעץ איז דעמאָלט געלעגן אין דער לופט. אלעס
האָט געשעפּט אויס דעם לעבדיגן קוואל פון די פאָלקס כחות;
עס האָבן איבריגענס מיטגעווירקט אויך פרעמדע (פּוילישע,
דייטשע) השפעות, וועלכע האָבן פארטיפט דעם באטראכטונגס־
קרייז פון דער קליינשטעטישער ראָמאנטיק מיט אירע
ארבייטענדע און ליידענדע סאָציאלע גרופּירונגען, מיט אירע
בעטלערס, כלי־קודש, קרעמער, ארבעטער, זיצערינס און
בעלבית׳סטעס, וועלכע באפעלקערן די דאמאָלדיגע ראָמאנען
און די פּאָעזיע. בא מאנכע פון די שריפטשטעלער באזיצט די
דאָזיגע ראָמאנטיק אפילו אויך סימבאָלישע עלעמענטן, אָבער
קלארע און פארשטענדליכע, וואָס באדארפן ניט קיין מעטא־
פיזישע ערקלערונגען. אין דער פריהעריגער עפּאָכע באשטרעבן
זיך די דיכטער נאָר אָביעקטיוו צו שילדערן און ווידער־
צוגעבן דאָס יידישע לעבן אין זיינע אלטעגליכע געשעענישן.
די געשטאלטן זענען פשוטע, דאָס פסיכישע לעבן ניט קאָמ־
בינירט, זייערע נשמות האָבן ניט קיין יום טוב׳דיגע פאר־
שידנפארביגע מלבושים, ווי בא די היינטיגע דיכטער, נאָר
א געוועגליך, אלטעגליך, גרוי באשיידן קלייד. דערפאר פיהלן
מיר פאר זיי סימפאטיע אָדער אנטיפאטיע, מיר האָבן מיט זיי
רחמנות, מיר פיהלן מיט זיי מיט, אָבער זיי דערהויבן אונז
ניט, זיי רייסן אונז ניט מיט. דער ריינסטער אָביעקטיוויזם איז
דער פרינציפּ פון דער דאָזיגער ליטעראטור; ער נעמט אן בא
פארשידענע שריפטשטעלער א פארשידענע סוביעקטיווע
פארבונג; אָבער בכלל שאפן זיי אלע איין געמיינזאמן טיפּ.
זיי זענען לייכט עמפּפענגליך פאר אויסערע השפעות און
טראָגן איבער פרעמדע, פאָרמאלע צי מאטעריעלע, עלעמענטן
אויפ׳ן היימישן באָדן. צי קומט דאָס פאָר באוואוסט אָדער
אומבאוואוסט, — אלעמאָל אָבער האָבן זיי א י י ן ציל: צו
שאפן י י ד י ש, צו שאפן נייע ווערטן. מיט דעם אונטערשיידן
זיי זיך פון זייערע נאכפאָלגער, פאר וועלכע דאָס יידישע עלע־
מענט איז א סך מאָל נאָר א אויסערער דעקמאנטעל, א פוסטע
פאָרם, א גאָר־ניט זאגנדער צוגאב.

אין די ווערק פון אונזערע ראָמאנטיקער געפינען מיר
עפּישע מנוחה, קליינליכע מילדערונג, באטאָנונג פון איינצל־
הייטן, קראפטפולע סענטימענטאליטעט, אונמיטלבארע ער־
לעבנישן. יעדער מחבר אליין האָט מיטערלעבט אלע די
אומגעקינסטלטע לעבנסבילדער, די ניט פרעטענציאָנעלע נשמה־
קאמפן פון זיינע העלדן אָדער העלדינען, דען ער איז צווישן
זיי דערצויגן געוואָרן, גרויסגעוואקסן: צווישן זיי האָט ער
געלעבט און געשטאָרבן; זיי זיינען געווען בלוט פון זיין
בלוט, ביין פון זיינע ביינער. די גאנצע ליטעראטור ווייזט
אויף א סאָציאלן תוכן, זי איז א אָפּשפּיגלונג פון די אומ־
שטענדן און פארהעלטנישן, אין וועלכע דאָס יידישע לעבן
איז געפלאָסן. אפילו די סוביעקטיווע מאָמענטן, וועלכע בא־
ווייזן זיך דאָ און דאָרט, האָבן א סאָציאלן, נאציאָנאלן, קאָ־
לעקטיוון הינטערגרונט. אייגנטליך האָבן די מענשן ניט געקאָנט
קיין פערזענליכע, טיפע טראגיזמען, אינערליכע קאטאקליזמען,
קיין וועלט־ערשיטערנדע מעשים, הימלהויכע אויפפליגע. זיי
האָבן ניט געוואָלט ארויסרייסן זיך מיט געוואלט פון דער
ארומרינגלנדער וועלט און אוועק פליהן אין ווייטע, הויכע
מקומות. ערשט פּרץ האָט אין דער הינזיכט געמאכט א דרייסטן
שריט. זיינע לעצטע דראמען שטעהן אויף דער גרעניץ פון
צוויי וועלטן; זיי זיינען די „גאָלדענע קייט״, וועלכע פארבינדט
די פארפלאָסענע ראָמאנטיק פונ׳ם א י מ פּ ר ע ס י אָ נ י ז ם מיט
דער אויפבליהענדער גאָטיק פונ׳ם ע ק ס פּ ר ע ס י אָ נ י ז ם.

די יידיש־ראָמאנטישע ליטעראטור איז געווען א סך איינ־
הייטליכער ווי די היינטיגע. זי האָט געשאפן נאָר איין
מיטלפּונק, היינט האָבן מיר דערפאר מעהרערע מיטלפּונקטן.
עס איז אנטשטאנען א גרויסע צאָהל צענטרען, וועלכע פיהרן
צו דעם יידישן שאפונגסקערפּער א סך נייע לעבענס־
כחות. דערפאר איז דאָס בילד פון דער איצטיגער ליטעראטור
אזוי פארבנרייך, פארשידנארטיג און אינערליך נאָך מעהר
אונטערשיידליך. אחוץ דעם ווירקן נאָך נעבן די נייע
עלעמענטן אויך די רעשטליך פון די אלטע, זיי פליעסן אלע
צוזאמען אין איין געמיינזאמען קוואַל און בילדן גייסטיגע
פּראָדוקטן פון א פּערזענליכן, ניט־איינהייטליכן כאראקטער.
היינט האָבן מיר אנשטאט איין ליטעראַרישן מיטלפּונקט, א סך
און פארשיידענע מיטלפּונקטן, וועלכע איעדער ווירקט אנדערש
אויף די שאפונג פון די יידישע דיכטער און באשענקט זיי
מיט אנ׳אנדערער פארב. די וויכטיגסטע ליטעראַרישע מיטל־
פּונקטן זיינען אנטשטאנען אין אמעריקא, אוקראַינע און
פּוילען; קלענערע אין גאליציען און וויען. די פארשידנ־
ארטיגקייט פון דער סביבה, דאָס ווירקן פון די אָפּגעענדערטע
אויסערע מאָמענטן אויף דער בילדונג פון דער שאפונגס־
פסיכאָלאָגיע פון די איינצעלנע פּערזענליכקייטן שטערן ניט
דעם געמיינזאמען צוג פון די אלע גייסטיגע ווערק. אלע
זיינען זיי פארבונדן מיט א י י ן רויטן פאָדים, נעמליך מיט׳ן
שטרעבן צו עפּעס נייעם, אומבאקאנטן, מיט זוכן פון נייע
דרכים, נייע וועלטן פון גייסטיגער גאולה, מיט דעם ווילן צו
פאראייניגען די אלגעמיינע אייראָפּעישע וועלטאנשויאונג מיט
דער יידישער. די עצם־אידעע, דאָס שאפונגפּראָבלעם בא־
קליידט זיך מיט פארשידענע פאָרמען; אָבער זייער פאר־
שיידנארטיקייט און ניואנסן זיינען אָפּהענגיג אלץ טאקע פון
דער סביבה, און פון איר דירעקטער ווירקונג. דעם איבער־
גאנג, דעם גרויסן דורכברוך האָט גורם געווען אין ערשטער
רייע די מלחמה. דאָס פעהלן פון חומר, די פארניכטונג פון
גייסטיגע סובסטאנצן, וועלכע האָבן גורם געווען דאָס אויפלעזן
פון די ביליגע ראָמאנטישע אנטציקונגען, האָבן איצט ארויס־

גערופן א רעאקציע, וועלכע דריקט זיך אויס אין דעם צוריק־
קעהרן צום גייסט, אינ׳ם זוכן פון א גאָט, וועלכער פעהלט
דער מענשהייט, וועלכן מען האָט פארלאָרן ערגיץ אינ׳ם
געטומעל פון די קאנאָנען־קראכן, אין דער גסיסה פון מלחמה
קרבנות. היינט לאָזט זיך וואָס אמאָל העכער און שטארקער
הערן דער געשריי נאך גאָט, נאך אמונה. דערפאר פאר־
נעהמען מיר אין דער איצטיגער פּאָעזיע אזוי פיל לאָזונגען
זעהן מיר אזא עשירות פון מאָטיוון, אזא פארשידנארטיגקייט
פון געדאנקן, אין וועלכע עס דריקט זיך אויס דער דראנג
פונ׳ם גייסט צו דער אייביגקייט, דער ווילן צוריקקעהרן
צו דער עוויגער ערשטער התחלה. אויפ׳ן ארט פון סאָציאלע
מאָטיוון זיינען געטרעטן עגאָטישע, דער דיכטערישער „איך"
און זיין פארהאלטן זיך צום לעבן, צום קאָסמאָס. און אז מען
געפינט אפילו נאָך שפורן פון סענטימענטאליזם, פארגעטערונג
פונ׳ם עבר, האָט דאָס זיין ספּעציפיש פּסיכאָלאָגישן הינטער־
גרונד און נעהמט אן א ספּעציעלן אלגעמיינען כאראקטער.
דער היינטיגער ליטעראטור געניגען ניט מעהר די אלטע
וועלט ־ באקאנטע טעמען; אירע שמערצן און האָפנונגען,
פרייד און לייד, געדאנקן און געפיהלן זיינען היינט אנדערש:
זיי זיינען פארגייסטיגט, דורכגעטרענקט פון אינערליכן איבער־
לעבן. זיי דערגרייכן דאָרט אהין, וואו דאָס מענשליכע אויג
קאָן ניט דערגרייכן, ווייל עס איז צו שוואך; דאָרט וואָהין
עס רייסט זיך ארויס דאָס מענשליכע באשעפניש אויף די
פליגעל פון גייסט, וואָס אמאָל העכער און העכער, איבער
דעם ערדישען טאל. דער היינטיגער מחבר וויל זיך באפרייען
פון דעם פארגאנגענהייטס־קאָשמאר, ער וויל אים אין זיך
באקעמפן און זיך איבער אים און ווייט פון אים דערהויבן.
עס האָבן אין אים אויפגעברויזט די כוואליעס פון געפיהל און
פאנטאזיע, וועלכע קענען ניט קיין גרעניץ, ווייל דאָס לעבן,
די ווירקליכקייט, די סביבה איז פאר זיי נאָר א אויסערליכער
אימפּולס צו נייע, טיפערע, העכערע איבערלעבנישן. טיילמאָל
איז דאָס נאָר מאָדע, שיין, פארשטעלונג; טיילמאָל אבער
שלאָגט פון דעם אקעגען באצויבערנדע קראפט, א פאר־
שיכורנדיגער כח הדמיון. מאנכמאָל איז שווער אבער צו
שיידן דאָס ערלעבטע פונ׳ם ערדיכטעטן, מאנכמאָל רייסט
אונז דאָס נייע וואָרט, די נייע פאָרם, אזוי מיט, אז מיר פאר־
געסן דעם שקאלפּעל און די סאָנדע, די אלטע קריטעריומס
ווערן גלייכגילטיג, ווייל דאָס עשירות און די פארשידנ־
פארביגקייט פון די בילדער האלטן אונז געפאנגען. עפּעס
אן אבסאָלוטע פארעקשנטע אמונה פיהרט זיי אלע — די
דאָזיגע נביאים פון דער נייער קונסט. זיי ווילן פון דרויסן
אריינדרינגען אינ׳ם אינערן פונ׳ם לעבן און זיינע רעטענישן.
פון דעם חומר ווילן זיי דערגרייכן צום עצם פונ׳ם גייסט.
זייער שאפונגס־דעוויז איז — דאָס שטרעבן צום אבסאָלוטן,
דאָס פארהעלטניש צו אים פונ׳ם מענשליכן „איך". מען
דערקענט אין איר נאָך אומבאהאָלפנקייט, אומגעלומפּערטקייט,
ווילקיר, אונפּאסבארקייט, א קינדישע פּרימיטיוויטעט, אבער
עס קיימען פון זיי לאנגזאם, שטופנווייז נייע עלעמענטע, נייער
שאפענס־פּאטאָס.

עס איז מקוים געוואָרן דער אידעאל פון זשעראָמסקי, אז
די ליטעראטור זאָל באפרייט ווערן פון די געזעלשאפטס־
באנדן, זי זאָל ניט דינען די באדערפנישן פון טאָג און אויגנ־
בליק, נאָר זי זאָל זיין א כהן־גדול פון רייַנער און אמתער
קונסט. די פאָרמעלע זייט איז א סך רייכער און וועגט אריבער
די מאטעריעלע. די בענקשאפט נאך א סינטעז פונ׳ם יידישן
גייסט מיט דעם גייסט פון דער אייראָפּעישער קולטור געפינען
מיר בא א גאנצער רייהע פון דיכטער ווי פּערלע, בימקא,
סעגאלאוויטש, ראוויטש, זשיטניצקי און אנדערע. דאָס הייסט
אבער ניט, אז זייער קונסט האָט פארלוירן א יעדע שייכות
מיט דער ווירקליכקייט, אויף וועלכער עס בויט זיך און בליהט
דאָס גייסטיגע לעבן פונ׳ם דיכטער. אודאי פעהלט אין דער
ריכטונג די איינהייטליכקייט, וועלכע האָט אויסגעצייכענט די
פארגאנגענע תקופה. אדרבה עס האָט זיך אריינגעגנבעט אין
איר א צעשפּאלטנקייט, א שוואונג, א איילעניש, א מין האסטיג־
קייט, וואָס קענצייכענט די איצטיגע אייראָפּעישע ליטעראטור.
דורך אלע ליטערארישע ערשיינונגען קוקט ארויס דער קאמף
צווישן גייסט און חומר, — א מלחמה צווישן אהרימן און
ארמוזד, דאָס ראנגלן זיך מיט דעם שטן, וועלכער שאלט ארויס
פון די ווערק בא זשעראמסקי, בזשאזאווסקי, וואסערמאן,
טאַגאָרע און אנדערע. אנגעכמורעטער רעאליזם פּארט זיך
מיט׳ן סימבאָליזם פון וויספּיאנסקי און מאטערלינק. דער
אויסגאנגס־פּונקט פאר אלע שריפטשטעלער איז קודם כל
דאָס אינערע ליידן. אין אים אַנטדעקן זיי דעם קוואל פון
אייביגער שאפונגס־קונסט — בראדערזאן און גרינבערג, רא־
וויטש און פּערלע, האפשטיין און מארקיש, קאציזנע און סעגא־
לאוויטש און ווי זיי הייסן דאָרט אלע די יונגע. די גאנצע ליטע־
ראטור זייערע איז פיל פון סימבאָלן און פּראָבלעמען. יעדער פון
אירע רעפּרעזענטאנטן באקוקט די וועלט דורך אייגענע
גלעזער, וועלכע זיינען פארטונקעלט און מאט, וועלכע פאר־
דעקן אים די אויסזיכט אויף אנדערע שענהייטס־ערשיינונגען
און אנטפּלעקן אים די גאנצע טראגיק און די גאנצע מיאוס־
קייט פונ׳ם לעבן. פון דעם שטאמט א געוויסע איינזייטיגקייט,
וואָס דריקט זיך אויס אין דעם איבערגעוויכט פון פאנטאסטישע,
אונטערבאוואוסטע, עקסטאטישע צושטאנדן. דער קאָנטראסט
צווישן געטליך און מענשליך, צווישן ערד און הימעל, — דאָס
איז דער הויפּט־טאָן, וואָס קלינגט בא בימקא, סעגאלאוויטש,
שטערן און אנדערע יידישע מאָדערניסטן. דאָס פּערזענליכע
געפיהל, דאָס באוווסטזיין פונ׳ם אייגענען גורל פאר־
וואנדעלט זיך בא זיי אין א קאָסמישן שמערץ, אין א
וועלט־שמערץ.

עס איז שווער צו ערמיטלען זיין אָפּענהארציגקייט און
אונמיטעלבארקייט. אלעס איז אפּהענגיג פון דעם קאמף, פון
דעם טעמפּעראמענט, מיט וועלכן נבואה ־ שיר, לירישער,
וויזיאָנערער פּאטאָס דריקט זיך אויס. מען מוז צוגעבן, אז
עס איז אין אים אויך דאָ אסך מארקשרייערישעס, ווייניג
הארמאָניע און צו פיל פּלאסטיק. דאָס קומט דערפון, וואָס
ווערענד אין אנדערע ליטעראטורן איז דערזעלבער גייסט־
פּראָצעס געווען א פּועל־יוצא פון נאָרמאלער אנטוויקלונג,
אין וועלכער די אפּשטארבענדע איבערגעלעבטע דיכטונג האָט
געפיהרט צו א נאָרמאלער רעאקציע, איז אין דער יידישער
ליטעראטור אלעס געשעהן אויף א רעוואָלוציאָנערן אופן.
מ׳זעהט אין איר ניט קיין לאנגזאמע שטופנווייזע אויס־
בילדונג ווי אין די ליטעראטורן פון אנדערע פעלקער. איר
עוואָלוציאָנערער גאנג איז פּלוצים איבערגעהאקט געוואָרן און

שפרינגענדיג — אוועק ווייטער. דערפאר פעהלט אין דער יידישער ליטעראטור די צווינגענדע נויטווענדיקייט וועלכע רירט פון איין שטרעמונג צו דער אנדערער. ווען דער אימפרעסיאָניזם האָט געהאלטן אין בליהן האָבן זיך שוין אריינגעריסן אין אים די עקספרעסיאָניסטישע עלעמענטן; קענען מיר דאריבער באַאָבאכטן אין דער איצטיגער ליטעראטור, ווי ביידע עלעמענטן לעבן באַאנאנד. אין אמעריקא צ.ב. זעהן מיר אין דער יידישער דיכטקונסט נעבן דעם כאַאָס און גרויסשטעטישן לעבענסווירוואר אויך א בענקעניש נאָך מנוחה און א שטילן יאוש. דאָסזעלבע געפינען מיר אויך אין דער יידישער ליטעראטור אין אוקראינע. דער יידישער עקספרעסיאָניזם אין פוילען איז מעהר רעוואָלוציאָנער און דערפאר מעהר רעקלאמיסטיש און מארק־שרייעריש. מ׳פיהלט פון אים ארויס עפּעס א נייע איבערקעהרניש פונ׳ם אינערן, א קאָסמיש מיסטעריום, א נייעם עפּאָס. ער צייכנעט זיך אויס מיט א מין קאליידאָסקאָפּ פון באַגאנגענהייטן און ערלעבנישן, אויף וועלכן דאָס איינצעלוועזן האָט קיין שום השפעה ניט. אין אמעריקא האָט דיזעלבע ריכטונג א פאראינערליכטן כאראקטער.

די געדיכטע פון פרוג, רייזען אָדער ראָזענפעלד דריקן אויס קליינע בענקנישן, זיי באַזונגען נאטור־שיינקייט, שילדערן אויגנבליק־שטימונגען, פערזענליכע אָדער נאציאָנאלע ערלעבנישן; עס פעהלט זיי אָבער די דינאמיק, וועלכע צירט די פּאָעזיע; למשל — וואָלט וויטמען וועראערן אָדער אנדערע געגנווארטס־דיכטער, באַ וועלכע עס שפּרינגט אין אויג דאָס גרויס־שטעטישע לעבן, מ׳הערט דעם רויש פון פאבריקן אָדער דאָס רוטשן פון מאשינען. דער דראמאטישער פערמענט לעגט ארויף אויף דער דאָזיגער פּאָעזיע א באַזונדערן דינאמישן חותם, וועלכער אונטערשיידעט זיך פון דער פריהעריגער סטאטיק. דער מענש בונטוועט זיך געגן די באַשטעהנדע פארהעלטנישן, און וואָלט גערן צערייסן די קייטן, וועלכע בינדן זיין באַוועגונגס־פרייהייט. דאָס פּראָבלעם האָט צוערשט באַארבעט פרץ אין דעם ווייניג באַקאנטן דראמא „פּאָליש אויף דער קייט". א פּראָסטיטוטקע צעברעכט די מויער, מיט וועלכער די יידישע טראדיציע האָט אָפּגעשיידט דעם זכר פון דער נקבה. עס באַפרייט זיך און אנטלאָדט זיך אין זיי ליבע און ליידנשאפט. זיי ווארפן אוועק די בינדנדע קייטן און דערהייבן זיך צו א פריי, אומגעצווינגען לעבן. ניט נאָר אין דער פּיעסע האָט דער דיכטער פון „ביי נאכט אויפ׳ן אלטן מארק" פארויס געזעהן דאָס אויפגעהן פון א נייעם מאָרגנשטערן אין דער יידישער ליטעראטור. אויך אין אנדערע זיינע ווערק געפינען מיר פאנטאסטישע, אַלאָגישע, סימבאָלישע עלעמענטן, וועלכע באַצייכנען די דיכטונגען פון זיינע נאכפאָלגער. זיי זענען נאָך ווייט פון א מין פּאָעזיע, ווי באַ א קאַזיצנע למשל, ווערענס דיכטונגען זענען אָן שום רעאליזם, זיי שפּיגלען אָפּ די פארענדערונגען און אויסקרומונגען פונ׳ם ריינעם גייסט אין קאָסמישע ריטמען און מאָטיוון. באַ אים עקזיסטירט נאָר איין ווירקליכקייט, די ווירקליכקייט פונ׳ם חלום, פון דעם אונטער־באַוואוסטן נשמה־צושטאנד, געצייכנט מיט אלעגאָריסטישער פיינקייט און סימבאָליק אויף דעם אונטערגרונד פון שוידערליכע שטימונגען, שווערער, ערנסטער ארכיטעקטאָניק, אין וועלכער מיר זוכן אומזיסט א שטראל פון זון אָדער פרייד.

די איצטיגע ליטעראטור צייכנט זיך אויס מיט א אויסער־געוועונליכער טעכניק (בפרט אין דער פּאָעזיע); אָבער איר פעהלט א קריסטאליזירטער יסוד; זי הייגגט צווישן הימעל און ערד. זי אנטלויפט פאר דער ווירקליכקייט און שלאָגט זיך אָן מיט אירע פליגל אין א באָדנלאָזער פאנטאסטיק. זי ווייזט אויף א גרויסע ניט־אויסגעהאלטנקייט צווישן קונסט און לעבן. עס איז אפילו אמת, אז די קונסט שאפט ערשט דאָס לעבן, אָדער געהט פאר אים פארויס; פון דעסט וועגן, אָדער טאקע אפילו דערפאר, באַשטעהט צווישן זיי א ענגער קאָנטאקט. די קונסט לייהט דעם לעבן אָפּט אירע פאָרמען, און פארקעהרט ווידער, איז די קונסט אנ׳אויספלוס פונ׳ם לעבן, וועלכעס שניידט אפילו דורך איר אנטוויקלונגס־ליניע. די קונסט מוז אָבער באַפרוכפּערט ווערן פונ׳ם לעבנס־גייסט, פון דעם אייביגן רעוואָלוציאָנער, וועלכער פארענדערט אלעס, פארניכטעט און שאפט אויפ׳ס ניי. די דיסהארמאָניע, וועלכע מיר זעהן צווישן לעבן און פּאָעזיע אין דער יידישער ליטעראטור, האָט איר סבה אין דער איצטיגער אויסער־געוועהנליכער לאגע פונ׳ם יידנטום. עס באַזיצט נאָך ביז איצט קיינע קריסטאַליזירטע לעבנס־פּאָרמען; די אלטע זענען פארניכטעט, די נייע נאָך ניט געשאפן. אָבער די קונסט אנטוויקלט זיך פּאָרט, און אזוי ארום אנשטעהן סכסוכים צווישן איר און דעם לעבן. די יידישע שאפונג פארלירט דעם דירעקטן קאָנטאקט מיט דעם לעבן פון דער מאסע, זי ווערט העכסטענס א אָפּשפּיגלונג פון איינצל־נשמות און דאָס אויך ניט אלע מאָל פון אייגענע. דערפון שטאמט אין איר די געקינסטעלקייט פון דער פּאָרם. מיר האָבן א לעבנס־סטיליזאציע, אָבער ניט א לעבן גופא. די מחברים פעהלט טיילמאָל דער גרונט אונטער די פיס, וועלכן ס׳האָבן געפיהלט די אלטע ראָמאנטיקער, שטיצנדיג זיך אויף באַשיידענע, באַגרענצטע, אָבער דערפאר זיכערע קליין־שטעטישע פארהעלטנישן פון דער ווירקליכקייט. אויך באַ די איצטיגע געפינען מיר אָפּקלאנגען פון געדעמפּטער ראָמאנטיק, באַ מאנכע העכער, באַ אנדערע שטילער, אפילו פּרובן צו גאלוואניזירן דעם עבר, ווי למשל אין דעם ראָמאן פון ווארשאַווסקי "די שמוגלער", אין וועלכן די מענשן זענען אפילו גאנץ, זיי לעבן, אטמען מיט היימישער לופט; אבער דאָס איז אלץ נאָר א שיין. דעם „שטעטל" פעהלט דאָ די אויסגעהאלטנקייט פון כאראקטער, וועלכע עס האָט געהאָט באַ די נעסטאָרען פון אונזער ליטעראטור.

די עלטערע דיכטער קליידן אין פּאָעטישע פּאָרמען זייערע ערשטע אונמיטלבארע איינדריקן פונ׳ם לעבן, וועלכע זענען נאטירליך באַ פארשידענע יחידים פארשידן. דאדורך האָט איין און דערזעלבער מאָטיוו זיך געקאָנט איבערחזרען אין פארשיידענע ווואריאציעס. באַ די אנדערע דאגעגן האנדעלט עס זיך ניט וועגן דעם א י ב ע ר ל ע ב ן, נור וועגן דער פארטיפונג אין דעם אייגענעם געפיהל. אויסערליכע נאציאָנאלע אָדער סאָציאַלע מאָטיוון, נאטור־ערשיינונגען — דאָס אלעס פארשווינדט אייגענטליך באַם היינטיגן דיכטער, עס פארוואנדעלט זיך אין עפּעס אינדיווידועלעס, אייגענעס. באַגייסטערונג, פארצווייפלונג, זעלבסטערקענטניש, סוביעקטיוויטעט ווערן די מאָטאָרן פונ׳ם שאפן, וואָס הערשט איבער דעם

לעבן און לאָזט נישט דאָס לעבן איבער זיך הערשן· אלעס וואָס געשעהט ארום אים· איז נאָר רויהמאטעריאל· וועלכן ער פאראַרבעט און באארבעט אין זיך אליין· אין אים לעבן און וועבן· ווי אין פארצווייפלונג· פרייד און טרויער, גוטס און שלעכטס; אין אים — די גאנצע וועלט· ער — איז די וועלט· די וועלט — איז ער· פאנקאָסמאָס· ער קלייבט־צו פאר איר די פארשיידנארטיגסטע פאָרמען· קיינע געפעלט אים ניט· קיינע איז אים ניט גענוג· ער קעמפט וועגן א אומבאגרעניצטער און ענדלאָזער פאָרם· אזוי ווי אומבאגרעניצט און ענדלאָז עס איז די אבסאָלוטע קונסט און ווי אבסאָלוט עס איז איר כהן־גדול ראָל·

ד״ר מ· בינענשטאָק (ז״ל)

*

— — — — — — — — — — —

ווידער און ווידער
שטורעם און לעצטער שטראהלן אָטעם
און איך בין הֶפְקֵר —

א געקרויצטער וועג־ווייזער
אויף קרומע וועלטן־ראָגן!

ווייז אויף צָפוֹן
ווייז אויף דָרוֹם
און בלייב גענאָגעלט
הֶפְקֵר צו אַרְבַּע־רוחות וועלט . . .

ווידער און ווידער
און וראָנעס שרייען
זייערע עֲשֶׂרֶת הַדִבְּרוֹת
פון מיינע פלייצעס ארונטער:
רַצְחָע, גַזְלָע, נוֹאֵף!
און גאָט —
איהם האָבן מיר צופרעסן שוין!

און איך שטעה גענאָגעלט —
א געקרויצטער וועג־ווייזער
אויף קרומע וועלטן־ראָגן·

א· נ· שטענצעל



טוביה הכהן, ראדירונג.
אויס דעם ווערק: „טוביה הרופא וספרו מעשה טוביה” פון ד”ר א. לעווינסאָן,
פארלאג „רמון” 1924

TUBIAH. ENGRAVING. LUC. VENET. REPRODUCED FROM "TUBIAH COHEN A JEWISH PHYSICIAN OF THE 18th CENTURY, AND HIS WORK MAASE TUBIAH (IN HEBREW). RIMON PUBLISHING COMPANY BERLIN-LONDON 1924

# טוביה הרופא

אונטער דעם נאָמען איז ערשינען אין פאַרלאַג „רמון” בערלין א אינטערעסאנט ביכעל פון ד”ר א. לעווינסאָן, וועלכעס אנטהאלט די ביאָגראפיע און די וויסנשאפטליך - ליטעראַרישע טעטיגקייט פון דעם יידישן דאָקטאָר טוביה הכהן, וועלכער האָט געלעבט אין 17—18־טן יאָרהונדערט און איז באוואוסט אין דער העבּרעאישער ליטעראַטור מיט זיין ספר „מעשה טוביה”. מיר געבן דאָ פון דעם דערמאָנטן ביכעל רעפּראָדוקציעס פון טוביה׳ס ווערק און אויך איניגע דאטן וועגן זיין לעבן און זיינע אנזיכטן אויף יידן און יידישקייט.

טוביה הרופא איז געבאָרן אין יאָר 1652 און געשטאָרבן אין יאָר 1729, ער האָט, הייסט עס, געלעבט אין דער צווייטער העלפט פון 17־טן און ערשטער העלפט פון 18־טן יאָרהונדערט.

טוביה האָט פיל געוואנדערט פון שטאָט צו שטאָט פון לאנד צו לאנד נאָכזוכענדיג די וויסנשאפט. פון זיין געבורטסשטאָט מעץ, וואו זיין פאָטער איז געוועזן רב, געפינענדיג דאָרט א באהאלטעניש פון די קאָזאקישע פּאָגראָמען אין אוקראינע, האָט זיך טוביה געלאָזט צום ערשטן קיין פוילען, דערנאָך קיין דייטשלאנד, וואו ער האָט שטודירט מעדיצין, צום אנהויב אין קראָקאָ, דערנאָך אין פראנקפורט־אויף־דער־אָדער. זיין דאָקטאָראט האָט ער באקומען אין פּאדווא, דאן האָט ער פּראקטיצירט מעדיצין אין פוילען און צום לעצט האָט ער געדיענט אלס הויף־דאָקטאָר בא פינף סולטאנען.

טוביה איז געוועזן פון א יחוס׳דיגער משפחה. דער זיידע זיינער, אלעזר וועלשים, האָט געלעבט אין צפת און האָט זיך שפּעטער באזעצט אין קרעמיניץ. זיין פאָטער משה נאַראָל, אָדער „מאָשידעס” איז אנטלאָפן פון נאַראָל אין יאָר ת”ח (1648) פון כמעלניצקיס פּאָגראָמען קיין דייטשלאנד. פון דאָרט איז ער אנגעקומען פאר רב אין מעץ, וועלכע האָט דאן געהערט צו פראנקרייך. דאָרט איז טוביה געבאָרן געוואָרן. נאָך אלס קליין קינד איז אים דער פאָטער געשטאָרבן און ער האָט זיך דערצויגן באם שטיף־פאָטער, רב שמעון באַכראַך, אין וואָרמס, אינאיינעם מיט זיין שטיף־ברודער יאיר חיים באַכראַך, וועלכער איז שפּעטער באריהמט געוואָרן דורך זיינע וויכטיגע גאונישע ספרים.

טוביה האָט לכתחלה געלערנט בלויז תורה אין בית המדרש אין קראָקאָ, אָבער אין אים האָט געברענט דער חשק צו וויסנשאפטן און כפי אין די אייראָפּעאישע אוניווערסיטעטן האָט מען דעמאָלט קיין יידן ניט צוגעלאָזט, האָט טוביה זיך גענומען אינאיינעם מיט א חבר, איינעם גבריאל בן משה

פעליקס פון בראָד, און האָבן זיך אוועקגעלאָזט אין דער וועלט אריין.

קומענדיג קיין פראנקפורט־אויף־דער־אָדער האָבן זיי גע־קראָגן א צוטריט צום אויפגעקלערטן קורפירסט פון בראנדענ־בורג, און דורך זיין פראָטעקציע זיינען די צוויי יידישע בחורים אויפגענומען געוואָרן אין אוניווערסיטעט דעם 17־טן יוני 1678 און זיי זיינען, דאכט זיך, געווען די ערשטע יידישע סטודענטן אין אייראָפּא. דער קורפירסט האָט אויסערדעם געזאָרגט זיי זאָלן האָבן צום לעבן. ווי דער שטייגער פון יענע צייטן האָבן די גייסטליכע געלערנטע אין פראנקפורט זיך כסדר מתווכח געווען מיט די יידישע בחורים וועגן רעליגיע־פראגן, וועלענדיג זיי, אפנים, „איבערצייגן". צום גליק זיינען עס אָבער געווען חדר־יינגליך און זיי האָבן פארשטאנען אָפּ־צוענפערן, אז יענע זאָל דער חשק פארגעהן. צום דאָקטאָר־טיטעל אבער האָבן זיי אין דייטשלאנד ניט געקאָנט זיך דער־שלאָגן. דעריבער האָבן זיי, נאָך'ן ענדיגן, זיך אוועקגעלאָזט קיין פאדוא (אין איטאליע), וועלכע איז דעמאָלט געווען א צענטער פון דער מעדיצינישער וויסענשאפט.

צו זייער גליק האָבן זיי דאָרט זיך באקענט מיט'ן יידישן דאָקטאָר שלמה קוניאָן (קאָנעגליאַנאָ), וועלכער איז געווען א ברודער פונ'ם באריהמטן דאָקטאָר און דיפּלאָמאט ישראל קוניאָן, און האָט געהאט א גרויסן ווערט אין זיין שטאָט. שלמה קוניאָן האָט די צוויי יינגע לייט מקרב געווען און מיט זיין הילף האָבן זיי באקומען דעם טיטעל דאָקטאָר דער מעדיצין. טוביה'ס גרויסע קענטנישן אין דאָקטאָריע און זיין נאָהנקייט צו דער פאמיליע קוניאָן האָבן אים פארשאפט קענטשאפט מיט קעניגן און פירשטן.

פון פאדוא האָט ער זיך אריבערגעצויגען קיין אדריא־נאָפּאָל און דאָרט האָט ער אנגעהויבן שרייבן זיין ספר „מעשה טוביה", וועלכער האָט באדארפט באווייזן די גוים, אז „ניט בא זיי אליין שטעהן איין די חכמות". דעם ספר האָט ער פארענדיגט שוין אין קאָנסטאנטינאָפּאָל אין יאָר תס"א און האָט אים אוועקגעשיקט צו זיין פריינד שלמה קוניאָן ער זאָל אים דרוקן. יענער אָבער האָט ניט געקאָנט אויספיהרן די זאך גלייך, און דער ספר איז ערשינען ערשט אין יאָר 1708. לויט דעם דעמאָלדיגען מנהג האָט מען געמוזט נעמען הסכמות אויף צו דרוקן א ספר בא רבנים און אויך בא דער קריסט־ליכער צענזור. די הסכמה פון די ווענעדיגער רבנים פאר־ווערן נאכצודרוקן דעם ספר אָן רשות פונ'ם מחבר אין משך פון 10 יאָר; די קריסטליכע צענזור באשטעטיגט, אז אינ'ם ספר איז ניטא גאר ניט אקעגען קריסטנטום. שלמה קוניאָן האָט צוגעגעבן צום ספר אן הקדמה און א לויב־געדיכט.

נאך פיל וואנדערונגען איז ענדליך טוביה אנגעקומען קיין ירושלים און דאָרט איז ער געשטאָרבן אין יאָר 1729.

אין זיין ספר „מעשה טוביה" שטרעבט דער דאָזיגער יידישער דאָקטאָר פונ'ם 17־טן און 18־טן יאָרהונדערט צו געפינען א אויסגלייך צווישן דער יידישער אמונה און דער מאָדערנער וויסנשאפט. אבער דערביי פארבלייבט ער דער אלטער ירא־שמים און רעכט־גלויביגער ייד. ער איז אויך זעהר פאטריאָטיש געשטימט, וועהטאָגט אויפ'ן גלות און יידישער געפאלנקייט און טרייסט זיך מיט דער האָפנונג אויף משיח, וועלכער וועט געוויס קומען און זיין אומגליקליך פאָלק דערלייזן פון אלע צרות.

TITLEPAGE FROM "MAASE TUBIAH" EDITION OF 1708. REPRODUCED FROM "TUBIAH COHEN A JEWISH PHYSICIAN OF THE 18th CENTURY AND HIS WORK MAASE TUBIAH (IN HEBREW). RIMON PUBLISHING COMPANY, BERLIN-LONDON 1924

דער שער־בלאט פונ'ם ספר „מעשה טוביה". די אויסגאבע פונ'ם יאָר 1708. אויס דעם ווערק: „טוביה הרופא וספרו מעשה טוביה" פון ד"ר א. לעווינסאָן, פארלאג „רמון", 1924

# קונסט און ליטעראַטור כראָניק

**י. ריבאַק׳ס אויסשטעלונג.** דער שאַפונגס-וועג פון דעם מאָלער י. ריבאַק באַווייזט אַ האַרטנעקיגן רצון. וואָס באַ אַנדערע איז אָפּטמאָל נאָר שפּילעריי אָדער מאָדע-נאָכגעהן, איז באַ אים שטענדיג אַ מיה-פולע איבערלעבעניש. דעריבער קאָן ריבאַק ניט פּשוט נעמען און זיך אויסטון פון׳ם קוביזם, אַזוי ווי מ׳וואַרפט אַראָפּ פון זיך אַ אַלט מלבוש, נאָר ער מוז כסדר זיך מיט אים ווידער אַמאָל טרעפן. און ער האָט עס פאַרשטאַנען אים צו פאַרטיפן און געווינען אין אים אַלע מאָל נייע זייטן. די דאָזיגע סטיל-פאָרם גיט נאָך, ווי עס ווייסט אויס, די פּאַסיגסטע אויסדרוקס-מיטל פאַר די מיסטישע אַבסטראַקציעס, צו וועלכע ער איז צוגעטון. די אויסשטעלונג פון זיינע ווערק, וועלכע איז פאָרגעקומען ענדע דעצעמבער אין לאָזשען-הויז אין בערלין, האָט געגעבן געלעגנהייט צו פאַרגלייכן ריבאַקס פריערע שאַפונגען מיט די פון דער לעצטער צייט.

דאָרט זיינען געווען 15 געמעלן פון די יאָרן 1916—17 (פון זיי זיינען דריי: „די אַלטע שול״, „די שקלאָווער שול״ און „דער זקן״ געווען פאַרעפנטליכט אין ערשטן העפט „מילגרוים״), די אָריגינאַל-צייכנונגען צום „שטעטל״ (ניט לאַנג פאַרעפנטליכט) און אַ סך צייכנונגען און געמעלן פון די סאַמע לעצטע יאָרן. אויסער דעם איז אויסגעשטעלט געווען די ניט-פאַרעפנטליכע סעריע פון פּאָגראָם-בילדער (לובקי) אין אַקוואַרעל.

**מאַרעק שוואַרץ.** אין נאָוועמבער איז אין קינסטלער-קלוב „פּאָלאָניע״, אין וואַרשאָ געגעבן געוואָרן אַ אויסשטעלונג פון מאַרעק שוואַרץ׳ס סקולפּטורן. עס זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן רעליעפס אין מעש און קופּער אין אַ פאָלקס-טימליכן סטיל, לויט דעם אינהאַלט — ביבלישע מאָטיוון און יידישע זיטן-סצענעס.

**יוסף זיידענבייטל.** די יידישע קונסט-געזעלשאַפט אין וואַרשאָ האָט פאַר-אַנשטאַלטעט אינ׳ם הויז פון דער קהלה אַ אויסשטעלונג פון געמעלן און צייכ-נונגען פונ׳ם ניט-לאַנג פאַרשטאָרבענעם קינסטלער יוסף זיידענבייטל, לזכרון פונ׳ם נפטר.

**מאַקס באַנד און י. ריבאַק.** ביידע קינסטלער האָבן אויסגעשטעלט דאָ ניט-לאַנג אין דער גאַלעריע טוואַרדי אין בערלין, דעד ערשטער הויפּטזעכליך פון שטיל-לעבן, דער צווייטער, צווישן אַנדערן אויך אַ פּאָרטרעט פונ׳ם שריפט-שטעלער נסתר.

**דוד קאָהן.** אין נאָוועמבער האָט די גאַלעריע האָלביין אין ווין געגעבן אַ געדעכעניש-אויסשטעלונג פון די פּאָרטרעטן, זיטן-געמעלן און צייכנונגען פון דעם מאָלער דוד קאָהן, וועלכער איז געשטאָרבן אין יאָר 1922 און איז געווען באַקאַנט אויך דורך זיין קונסט-פּעדאַגאָגישער אַרבעט. זייענדיג אַ תלמיד פון אייזענמענגער און פּילאָטי האָט קאָהן קולטיווירט אַ ניט-אויפרעגנדיגן, געמיט-פולן זשאַנר און איז געווען אַלס פּאָרטרעט-מאָלער זעהר באַליבט אין דער ווינער געזעלשאַפט.

**אליהו גינצבורג.** דער אַקאַדעמיקער אליהו גינצבורג אין פּעטראָגראַד האָט באַקומען דעם אויפטראַג פון דער רוסישער רעגירונג צו שאַפן אַ דענקמאָל פאַר פלעכאַנאָוען. דאָס ווערק איז שוין פאַרטיג און וועט בקרוב אויפגעשטעלט ווערן אין פּעטראָגראַד.

**די אָליוואַרעס ביבל.** דאָ ניט-לאַנג איז דערשינען באַ די ברידער מאַג אין לאָנדאָן אין געציילטע עקזעמפּלאַרן, אין פאַרלאַג פונ׳ם הערצאָג פון בעריק און אַלבאַ, די באַרימטע ביבל, וועלכע איז געלעגן אין מאַדריד אין דער קאַזאַ-דע-אַלבאַ, אַ אייגנטום פונ׳ם אָנגערופענעם הערצאָג. דאָס פּראַכט-ווערק קאָסט 34 ענגלישע פונט.

דער כתב-יד איז פאַרענדיגט געוואָרן אין יאָר 1430 און אַנטהאַלט דעם תנ״ך אין אַ קאַסטילישער איבערזעצונג. די קאָרעקטור לויט דער יידישער מסורה האָט געמאַכט רב משה אַראַגעל, דער רב פון גוואַדאַלאַכאַרע, אַ קאַסטילישער ייד. דאָס מאַנוסקריפּט האַלט 515 פּאַרמעט-בלעטער, אַראַגעלס פירוש איז געשריבן אויף די זייטיגע ראַנדן. די ביבל איז דורכאויס אילומינירט און אויפ׳ן שער-בלאַט ברייגגט זי אַ בילד פון משה אַראַגעל, וועלכער טראָגט, אַגב, אַ יידישן אָפּצייכן, בשעת ער גיט איבער דעם תנ״ך צום גרויסמייסטער פון קאַלאַטראַוואַ-אָרדן, דאָן לואי דע-גוזמאַן, אין געגנוואַרט פון דאָמיניקאַנישע און פראַנציסקאַנער מאָנאַכן, ריטער און וואַסאַלן.

צו דער כאַראַקטעריסטיק פון יענער צייט איז ווערט צו באַמערקן, אַז רב משה אַראַגעל האָט זעהר ניט געוואָלט איבערנעמען די דאָזיגע אַרבעט, ער האָט זיך געשייעט צו אַרבעטן אויף אַ תנ״ך, וואָס איז באַשטימט פאַר דער קאַטאָלישער קירך. און אַזוי ווי ס׳איז געווען באַשטימט די ביבל צו אילומינירן, האָט ער געהאָפט זיך צו ראַטעווען מיט׳ן לאו פון די עשרת הדברות, לויט וועלכן ס׳איז פאַרוועהרט צו מאַכן בילדער אַלס הייליגטום . . . וועגן דעם איז אַרויסגעקומען אַ גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ צווישן אים און דעם פאָרשטעהער פונ׳ם פראַנציסקאַנישן קלויסטער אין טאָלעדאָ, אַריאַס דע-ענצינאַס. דער דאָזיגער תרוץ פונ׳ם רב איז אָבער אָפּגעשלאָגן געוואָרן דורך דעם, וואָס פאַר די מאָלער׳ס איז געגעבן געוואָרן אַלס פאָרלאַגע צו דער אילומינאַציע-אַרבעט, אַ כתב-יד, וואָס האָט זיך געפינען אין דער טאָלעדער קאַטעדראַלע. דער רב וועלכער איז אַליין געווען אַ וואַסאַל פונ׳ם אָרדן, האָט ניט געהאַט מעהר קיין ברירה און ער האָט געמוזט נעמען זיך צו דער אַרבעט, וועלכע האָט געדויערט באַ אים גאַנצע 8 יאָר.

**שיר השירים, געשריבן און אילוסטרירט פון רפאל בוזאָני, פאַרלעגט באַ האַנס שטרים, בערלין 1923, אַליין פאַרקויף באַ ס. יוראַוויץ בערלין, אָפּגעדרוקט אין 200 עקסעמפּלאַרן אויף וואַן-געלדערן בוטטען-פּאַפּיר. פּרייז 8 דאָלאַר.** מיר מעגן זיך גליק ווינשן, צו אָט דער נייער פאָרם פון דעם שיר השירים, וואָס דער קינסטלער בוזאָני האָט אונז געגעבן. די בלעטער פונ׳ם שענעם מאַפּן-ווערק ווערן באַטראַכט פונ׳ם לעזער מיט אַ וואַקסנדן געפיהל פון גליק. דער בליק גליטשט זיך אַראָפּ פון דער עדעל-געפאָרמטער שריפט, וועלכע איז נאָכגעבילדעט דעם אַלט-אשכנזי׳שן און פאַרבינדט זיך האַרמאָניש מיט די 3 ביז 4 ציילן שטאַרקע אַנפאַנגס-ווערטער, וועלכע זיינען נאָר צאַרט אָנגעהויכט מיט סעפּיאַ-פאַרב, און ער געהט איבער אויף די בילדער, וואָס שטעהן אין אַנגענעמענער אָפּוועקסלונג, אָט אין אָנהויב, אָט אין סוף פונ׳ם בלאַט, און אַמאָל גאָר פולן זיי אויס דאָס גאַנצע בילד.

דער קינסטלער האָט גליקליך געלעזט די שווערע פּראָבלעמען, וואָס זיינען באַקאַנט יעדן, ווער עס האָט געפּרובט פאַרבינדן דאָס בילד מיט שריפט. דאָס ווערק איז געמאַכט געוואָרן ליטאָגראַפיש, דער טעקסט איז געשריבן געוואָרן פונ׳ם קינסטלער אַליין, מיט דער האַנט, און צוליב דעם האָט ער זיך אויסגעלערנט אַ ביסל העברעאיש און שטודירט אַלטע יידישע כתב-יד׳ן. די בילדער זיינען געצייכנט אויף סקיצנהאַפטער מאַניר מיט ליטאָגראַפישן קרייד און מיט אַ ביסל פאַרב זיינען דאָ און דאָרט דערגרייכט געוואָרן רייצנדע ווירקונגען. דער קאָ-לאָריט, ווי אויך די פאָרמען, האָבן עפּיס פון פּוסענס אידילישן קלאַסיציזם. עס הערשן זילבער-גרינע, ברוין-גרויע, נייטראַלע און בלאַס-געלע טענער. הימעל, בוים באַרג, טשערעדע און מענש פליעסן אינאיינעם אויף און אָפּ; דאָס גאַנצע איז גיכער אַ געזאַנג-באַגלייטונג צו שיר השירים, איידער אַ ניכטערנער, קליינליכער, מורא׳דיג געטרייער און דערפאַר ניט געניגענדער פירוש צו אים. אודאי, וועניגער פון אַלץ איז געראָטן די געשטאַלט פון שלמה המלך, וואָס פיהרט אַריין אין די בלעטער-רייהע, און וועלכער זעהט אויס אָפּערנהאַפט הויל אין זיין האַל-טונג. אָבער שוין דאָס שער-בלאַט מיט די שען אָפּגעוואויגענע ציילן און מיט דער לאַנדשאַפטססקיצע, וואָס איז אַזוי גליקליך אַהין אַריינקאָמפּאָנירט געוואָרן, שטעלט אַוועק אַזאַ טאָן, וועלכער האַלט אָן איבער דעם גאַנצן ווערק. עס איז אַ שטילער געזאַנג, וועלכער ציטערט נאָך אין דער נשמה אַ שטיק צייט נאָכדעם ווי מ׳האָט דאָס בוך שוין אַוועקגעלעגט פון דער האַנט.

עס וועט ניט זיין אָהן אינטערעס געוואָר צו ווערן, אַז דער קינסטלער איז אַ זון פונ׳ם באַרימטן פּיאַניסט פערוטשיאָ בוזאָני. זיין אויסבילדונג האָט ער באַקומען אין פּאַריז. אַ ענגלישע אויסגאַבע פון דעם דאָזיגן ווערק איז פאַר אַ קורצער צייט ערשינען אויך אין דעם זעלבן פאַרלאַג.

**היינע, העברעאישע מעלאָדיען, מיט 12 ליטאָגראַפיען פון רחל שאַליט-מאַרקוס, אַ באַגלייטונגס-וואָרט פון הוגאָ ביבער. אַרויסגעבער: ליטעראַרישע פאַראייניגונג „העספּערוס״, בערלין 1923.** די אילוסטראַציעס צו היינעס „העברעאישע לידער״, פון דער גראַפיקערן רחל שאַליט-מאַרקוס, איז ווי אַ יידישע איבערזעצונג פונ׳ם דייטשן

דיכטער, דען גראָד אין זיינע ווערק מיט יידישן אינהאלט איז היינע מעהר דייטש, מעהר אייראָפּעער אלס ייד. עס פעהלט אים דאָס אונמיטלבארע שייכות צו דער יידישער סביבה. עס האָט געמוזט קומען א מפורש צו אים, וועלכער שטאמט אליין פון אָט דער סביבה, און וועלכער האָט פארמאָגט אנצופילן מיט לעבן די אומריסן, וואָס דעם דיכטערס ביינקעניש האָט געצייכענט. דער היינע, וועלכן שאליט מארקוס האָט מפורש געווען, איז שווערבליטיגער, איינדרייטיגער, אורוויקסיגער, באָדנשטענדיגער. ער איז ווייניגער וויציג. אָבער אפשר טאקע גראָד אין אָט דעם „ערד-גערוך״, ליגט דער רייץ פונ׳ם יידישן פירוש צו יענעם דיכטער, וועלכער האָט זיך געפילט פרעמד אומעטום, און פאר וועלכן דאָס יידנטום איז געווען, ווי א ערא־ינערונג פון דער פארלאָזענער היימאט.

**א קאַטאַלאָג פון אינקונאבעלן.** די פרייסישע קאָמיסיע פאר דעם אלגע־מיינעם קאטאלאָג פון אלטע דרוקן, האָט אָנגעהויבן ארויסגעבן איר רשימה. אין דייטשלאנד אליין געפינען זיך אין עפנטליכע און אין פריוואטע ביבליאָטעקן ביז 150 טויזענד ביכער פון די עלטעסטע דרוקן. אין אמעריקא האָט מען נאָך פאַר׳ן קריג אָנגעהויבן מאכן א אינוועטאר פון אזעלכע ביכער. אין ענגלאנד האָט דאָס קאָלאָניאַל-מיניסטעריום איבערגענומען צונויפצושטעלן אזא אינוועטאר אין אלע טיילן פון דער בריטישער אימפעריע. אויף אזא אופן קאָן מען האָפן, אז דער אלגעמיינער קאַטאַלאָג וועט זיין באמת א פאָלשטענדיגער. ביז איצט איז אזא פאָלשטענדיגער קאַטאַלאָג פון די ביכער, וואָס זיינען געדרוקט געווען אין 15-טן יאָרהונדערט, ניט געווען.

**ווילהעלם הויזענשטיין, באַרבאַרן און קלאַסיקער, בערלין 1923, בא ר. פּיפּער.** אין פארגלייך צו דער קונסט פון אינדיען, כינא, יאפּאַן, אפילו נאָך צו דער קונסט פון פערו און מעקסיקאָ, ווירקן די ווערק פון אַפריקאַ, באזונדער פון אויסטראַליע, באַרבאַריש. פאר הויזענשטיינען איז אָבער באַרבאַריש דער אינבאגריף פונ׳ם פאָלקאָמענען, פון דער באוואוסטלאָזער פאָרם. די מיט געשיכטע באלאסטעטע קונסט פון די אינדיער, כינעזן און יאַפּאַנער רופט ער אָן קלאסיש. — דאָס ווערק איז רייך אילוסטרירט מיט אָפּבילדונגען פון בילדער, וואָס שטאמען פון טאַהיטי, סאַמאָאַ, ניי-זעלאַנד, ניי-גווינעאַ, קאַמערון, קאָנגאָ, מאַדאַגאַסקאַר, אַלאַסקאַ, קוואַטעמאַלע, באָרנעאָ, סומאַטראַ, ציילאָן, קאַמבאָדשאַ, יאַוואַ און אזוי ווייטער.

**הערבערט קיהן, די מאָלעריי פון דער אייז־צייט, דעלפין־פארלאג.** די כאַלעאָליטישע קונסט (די קונסט פון דער אלטער שטיין-צייט), די התחלה פון קונסט בכלל, איז סענסאָריש, נאטוראליסטיש. פאר איר איז כאראקטעריסטיש די צוזאמענהאנג-לאָזיגקייט, דאָס פעהלן פון יעטוועדער גרופּן-בילדונג, פון יעדער אורזאכליכער פארבינדונג. ערשט דער נעאָליטיקער דערלאנגט צו דער אַב־סטראַקציע, צו דער סטיליזאציע. דורך דער קונסט פון דער אייז-צייט (פינפציג ביז דרייסיג טויזנט יאָר פאר דער געוועהנליכער צייטרעכנונג) קאָן מען ברייננן דעם באווייז, אז אין אָנהויב פון דעם קונסטשאפן איז געווען ניט די אימאזשענאטיווע קונסט, ניט די געאָמעטרישע, סטיליזירטע פאָרם, נאָר דער חוש, די נאטורא־ליסטישע פאָרם.

דאָס בוך איז אילוסטרירט מיט אָפּבילדונגען פון העהלן-וואנט-מאָלערייען און קליינפלאסטיקן פון די פירענעען, פון פראנקרייך און נידער-עסטרייך.

**אליהו מאָטילעוו, קעניג דוד, א טראגימיסטעריע, בערלין, פארלאג עפראָן (רוסיש).** — אין דער פּיעסע פונ׳ם יונגן יידישן דראַמאַטורג וויקלט זיך אויף אין 9 בילדער א רייה געראָטן אויסגענוצטע מאָמענטן פון קעניג דוד׳ס לעבן, ווי די ליבע פונ׳ם קעניג צו בת-שבע, דער אונטערגאנג פון תמר׳ן און דער טראגישער קאָנפליקט מיט אבשלום׳ן.* די פּיעסע איז קינסטלעריש צונויפגעשטעלט, און איז פאָלקאָם טעאטראליש. די האנדלונג אנטוויקלט זיך אויף גיך, ניטאָ קיין לאנגע מאָנאָלאָגן, אָבער אויך ניט קיין טיף-פּסיכאָלאָגיש באארבעטע כאראקטערן. עס איז אזוי ווי געגעבן געוואָרן א סכעמע, אין וועלכער א טאלענטירטער אקטיאָר און א בריה א רעזשיסער קאָנען פיל אויפטון. אייניגע דראמאטישע מיטלען, ווי א שטייגער דאָס איבער-דערצעהלן דורך די פּערזאָנען זאכן וואָס זיינען פאָרגעקומען, דאָס וואָס איז אין דער אלטער טראגעדיע באקאנט אונטערן נאָמען „מבשר בשורה׳ניקעס״, ווירקן אָפּקיהלנדיג און שוואכן אָפּ אביסל דעם אלגעמיינעם אָנגעשטרענגטן טעמפּ פון דער פּיעסע.

**ד״ר שיפּער, געשיכטע פון דער יידישער טעאטער־קונסט און דראַמע, פון די עלטסטע צייטן ביז 1750, מיט 19 בילדער. ערשטער באנד,ווארשא, פארלאג „קולטור - ליגע״ 1923.** דאָס פאָרליגנדע ווערק איז א וויכטיגער בייטראג צו דער אויספאָרשונג פונ׳ם יידישן פאָלקס-טעאטער און פילט אויס א לעדיגן אָרט אין אונזער געשיכטס־שרייבונג. דער מחבר האָט זיך באנוצט מיט א רייכן מאטעריאל און עס סיסטע־מאטיש באארבעט. מיר האָפן נאָך צוריק צו קומען צו אָט דער דערשיינונג אין איינעם פון אונזערע ווייטערדיגע העפטן. דער „קולטור-ליגע״ קומט א דאנק פאר דער ארויסגאבע.

— די יידישע ליטעראטור האָט זיך אין דער לעצטער צייט בארייכט מיט איבערזעצונגען פון פילאָזאָפישע און געשיכטס-וויסנשאפטליכע ווערק. מיר האַרצייכענען דאָ שפינאָזעס „פּאָליטיש-טעאָלאָגישן טראקטאט״ אין נ. פערלמאַן׳ס איבערזעצונג און מיט אנ׳אריינפיהר פון ד״ר פאָרנבערג (פארלאג יאַנקעוויטש), שפינאָזעס „עטיק״ אין וו. נאַטאַנזאָן׳ס איבערזעצונג (פארלאג „קולטור-ליגע״, ווארשא), און ענדליך קיטעלס תנ״ך-וויסנשאפט, איבערזעצט פון ש. ראָזענפעלד (פארלאג „קולטור-ליגע״, ווארשא).

— אין ניו-יאָרק איז דערשינען דאָס ערשטע העפט, פון א מאָנאט-שריפט פאר טעאטער און ליטעראטור אונטער׳ן נאָמען „טעאַליט״, רעדאקטירט פון ש. ניגערן ד״ר מוקדוני און מ. עלקין.

**היסטאָרישע ליטעראטור.** ש. דובנאָוו איז איצט באשעפטיגט מיט דער ארויסגאבע פון זיין 10-בענדיגער „געשיכטע פון יידישן פאָלק״ אין פארשידענע שפראכן. צום ערשטן דערשיינט די נייסטע געשיכטע פון יידישן פאָלק, פון וועלכער עס ליגן פאר אונז שוין 3 בענדער פון דער רוסישער אויסגאבע או דער ערשטער באנד פון דער יידישער.

צווישן די יונגע היסטאָריקער נעמט זיך אויס ד״ר נ. מ. געלבער מיט זיין אינטענסיווער ארבעט. פאר אַ קליינער צייט בערך זיינען פון אים דערשינען 2 וויכטיגע ספרים, וועלכע פארדינען אויפמערקזאמקייט, אפילו ניט אין ספעציאליסטן-קרייזן. איינער: Die Juden und der polnische Aufstand 1863, (פארלאג ר. לעוויט, וויען-לייפציג 1923), באהאנדעלט די שטעלונג פון די יידן בשעת דעם צוגרייטן זיך צום אויפשטאנד און דער נאָך בשעת ער איז אויס־געבראָכן — אויפ׳ן סמך פון ארכיוואַרישן מאטעריאל. דער ספר איז אויך אויספירליך זעהר אנגענעהם און אנטהאלט צווישן די אנדערע ביילאגן א רעפּראָ־דוקציע פון א אויפרוף צו די פּוילישע יידן אין יאָר 1863. דער צווייטער ספר הייסט: Aus zwei Jahrhunderten (פארלאג ר. לעוויט 1924) און אנטהאלט א רייה ארטיקעלן צו דער נייער געשיכטע פון יידן, באזונדערס אין פּוילן און אין גאליציען. מיר ווייזן אָן באזונדערס אויף צוויי העכסט-אינטערעסאנטע ארטיקלען איינער באהאנדלט מענדעל סאָכאטשעווער, א תלמיד פון משה מענדעלסאָן, וועמעס ווירקונג פאר דער השכלה פון יענער צייט איז נאָך ניט ווי געהעריג אָפּ־געשאצט געוואָרן. אינ׳ם צווייטן ארטיקל רעדט זיך וועגן פאָלקס-זינגער בעריל בראָדער, וועלכער איז געווען דער פאָרגענגער פונ׳ם יידישן קאַבאַרע. אינ׳ם ארטיקל ווערן געבראכט מוסטערן פון די שאפונגען פון אָט דעם אייגנטימליכן אלט-יידישן פאָלקס-דיכטער.

**לעוו שעסטאָוו וועגן פּאַסקאַל.** צוליב דעם גדענק-טאָג פון 300 יאָר זייט פּאַסקאַלס געבורט, וועלכע איז געפייערט געוואָרן בא אלע קולטור-פעלקער, איז כדאי צו דערמאָנען דאָס ווערק פון דעם רוסיש-יידישן פילאָזאָף און ליטעראטור־קריטיקער לעוו שעסטאָוו, וועלכעס איז געווידמעט צו דער פילאָזאָפיע פון פּאַסקאַל׳ן. דאָס ווערק איז דערשינען אונטער׳ן נאָמען: „די נאַכט פון גת-שמן״ (פראנצויזיש) אין די „גרינע העפטן״, וואָס ווערן ארויסגעגעבן אין פאריז דורך דניאל הלוי. שעסטאָוו פאָרשט נאָך די שפורן פונ׳ם פּראָבלעם, וועגן „גאָטס־גנאָד צו זיינע אויסדערוועהלטע״, — א פּראָבלעם וואָס דער יאַנסעניסט פּאַסקאַל האָט עס אוועקגעשטעלט אין מיטלפונקט פון זיין באטראכטונג, — און געפינט זייער מקור אין דער ביבל. די געשטאלטן פון איוב און ישעיהו הנביא געבן אים דערצו דעם הויפּט-שטאָף.

# אינהאלט פון די פריהערדיגע העפטן מילגרוים

## העפט 1



## העפט 2



## העפט 3



## העפט 4



## העפט 5

